# געקליבענע שריפטן

לידער, דערציילונגען

און

דראַמאַטישע פּאָעמעס

פון

ב. סענטער



ניו יאָרק, 1955

# אינהאַלט:

ב. סענטער, בילד

דר. ב. סענטער, פון שלמה סיימאָן

## 1. לידער און פּאָעמעס

## 2. דראַמאַטישע פּאָעמעס און שפּילן



## 3. דערציילונגען

# דר. בערנאַרד (בערל) סענטער

## פון שלמה סיימאָן

קרוב צו דרייסיק יאָר האָב איך זיך געחברט מיט בערנאַרד סענטער, עליו השלום. גאַנץ אָפּט האָבן מיר זומערצייט פאַרבראַכט, אַ סוף וואָך, אין קעמפּ „בויבעריק" און טעג גאַנצע געשפּאַצירט און גערעדט. אָבער ביי זיין לעבן איז ער פאַר מיר געווען אַ רעטעניש, און איצט, נאָכדעם ווי איך האָב איבערגעלייענט דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט, וואָס פון אים איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דאָס דאָזיקע בוך, איז סענטער פאַר מיר פאַרבליבן נאָך אַ גרעסערע רעטעניש.

בערל סענטער איז געווען אַ הויכער, אַ געשטאַלטנער, מיט אַ פיינעם קאָפּ האָר. באמת אַ שיינער מאַן. קוקנדיק אויף אים האָב איך שטענדיק געטראַכט — אָט אַזוי דאַרף אויסקוקן אַן אמתער פּאָעט. און ער האָט ליב געהאַט ליטעראַטור, געווען איינגעטונקט אין ליטעראַטור. זיין קאַבינעט, הינטער זיין צירונג־געשעפט, איז שטענדיק געווען פאַרוואָרפן מיט יידישע צייטונגען, ביכער, זשורנאַלן און זאַמלביכער. איך האָב דאָרטן אַלעמאָל געקענט געפינען די לעצטע דערשינענע פּעריאָדישע שריפטן. ער איז אויך געווען נאָענט מיט די שרייבער. מאַני לייב, י. י. שוואַרץ, און דוד איגנאַטאָוו. זיי זיינען געווען זיינע נאָענטסטע חברים. טאַקע ביי אים אין שטוב האָב איך זיך מיט זיי באַקאָנט.

סענטער איז געווען צוגעבונדן צו דער יידישער שול־באַוועגונג. ער איז געווען, פאַר אַ צייט, אַ גאָר וויכטיקער טוער אין שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט, און צענדליקער יאָרן איז ער געווען איינער פון די הויפּט־טוער און אויסהאַלטער פון דער קוני איילענדער שלום עליכם פאָלקשול.

אָבער פאַר מיר איז געווען טשיקאַווע, וואָס זיין פאַרקאָכטקייט אין ליטעראַטור, זיין אַריינגעטאָן זיין אין לייענען, זיין קהלשע טעטיקייטן, זיין שרייבן האָבן נישט געשטערט זיין איבערגעגעבנקייט צו זיינע געשעפטן אויף אַ האָר. עס האָט געקאָנט זיין די וויכטיקסטע אונטערנעמונג אין שול, אָבער דר. בערנאַרד סענטער איז קיינמאָל נישט געקומען פריער ווי האַלב נאָך עלף — אַ האַלבע שעה נאָכדעם ווי ער האָט פאַרמאַכט זיין געשעפט.

עס איז געווען אַ צייט ווען ער איז געווען גאָר רייך, שטיין רייך — אַן אויטאָמאָביל־אַגענטור, ריעל־עסטעיט, אַ צירונג־קראָם; און זיין פּראָפעסיע — ער איז געווען אַן אָפּטאָמעטריסט — האָט ער אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט. דערצו האָט ער געהאַט אַ גרויסן וואַרשטאַט צו פאַרריכטן זייגערלעך.

פאַר מיר האָט דאָס טומלען זיך זיינס אין געשעפטן אויסגעזען ווילד. איך בין געווען זיכער, אַז גאָר רייך וועט ער קיינמאָל נישט ווערן. כאָטש ער האָט געמאַכט זיין ליטעראַרישע טעטיקייט ווי אַ טפל צום געשעפט, דאָך האָט אים געפעלט די ליידנשאַפט צו געלט און דער איינצילנדיקער רצון פון די, וואָס גיבן זיך אָפּ צו ווערן רייך.

איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער שרייבט אַזוי ווייניק, ער מאַכט פלענער און פירט זיי נישט אויס; ער הייבט אָן ליטעראַרישע אַרבעטן און פאַרענדיקט זיי נישט. אָבער ווען ער פאַרענדיקט אַ ליד אָדער אַ דערציילונג און דרוקט עס אָפּ איז עס אַזוי צוזאָגנדיק. פאַרוואָס אַרבעט ער אויף זיך נישט?

אָבער אָט לייען איך סענטערס איבערגעבליבענע שריפטן, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, און איך מיין, אַז ס'איז נישט אמת צו זאָגן אַז ס'האָט געפעלט

ליטעראַרישע גבורה. פון די איבערגעבליבענע כתבים קען מען זען אַז ער האָט געהאַט לשון, פאַנטאַזיע, שפּילעוודיקייט, איינפאַל, אַ געפיל פון פּאַרדרוס אויף דעם עוולהדיקן איינשטעל פון דער וועלט און גאָר אַ גרויסע מאָס זעעוודיקייט.

פאַר דעם לייענער ליגט איצט אַ בוך פון געציילטע לידער, דריי דערציילונגען, פיר דראַמאַטישע פּאָעמעס — אָבער אין זיי איז דאָ גאָר אַ סך. אָט זעט מען אין זיין ליד „אויף מיין וועג", אַ געוויסן געפיל פאַר מיסטיציזם.

די לידער „אָט אַזוי", „די חתונות" און די צוויי פּראַכטפולע קינדער־לידער „דאָס קעצעלע" און „בע. בע. בער" זאָגן עדות אויף שפּילעוודיקייט פון לשון, גרינגקייט פון גראַם און צאַרטע פּאָלקסטימלעכקייט.

די דערציילונגען „דאָס בייטעלע", „מיסעס פּאַרקער", „אַפּטאָון" זיינען גאָר געשיקט געשריבן. ער ווייזט אַרויס אַ פאַרשטענדעניש פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן פון ניו־יאָרק מיט אַלע פלאָנטערנישן און טראַגי־קאָמישן. חוץ די גלאַטע, גאָר גלאַטע פּראָזע, איז פאַראַן אין די דערציילונגען אַ מאָס לי־רישקייט, אַ גאַנץ געזונטע דערציילערישקייט, פאַר איינעם וואָס האָט געשריבן אַזוי ווייניק, און די פעאיקייט צו ברענגען די דערציילונג צו אַ קלימאַקס און ענדיקן זי מיט אַ נישט דערוואַרטעטן עפּיזאָד, וואָס איז דאָך נאַטירלעך פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מעשה.

ווען ער וואָלט זיך אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישער אַרבעט, אַ צענטל פון דעם, פון דער צייט וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן און זיך נאָכגעיאָגט צו כאַפּן דעם עק פון מאַטעריעלן גליק, — וואָלט ער געוואָרן אַ גוטער פּאָעט, אפשר טאַקע אַ גרויסער פּאָעט און אַן אָנזעענדיקער דערציילער. לויט די פיר דראַמאַטישע פּאָעמעס, וואָס זיינען געבליבן נאָך אים — „ביים שפּין ראָד" און „חד גדיא", וואָלט ער אויך געקאָנט ווערן אַ גוטער דראַמאַטורג און באַלאַדיסט.

אָבער ער האָט באַלאַנגט צו דער גרופּע שרייבער, וואָס האָבן אָנגעהויבן שיין און צוזאָגנדיק און דערנאָך פאַרכאַפּט געוואָרן פון די צוזאָגנדיקע גרויסע אַמעריקאַנער גליקן. אָט, אָט קען מען רייך ווערן און ווערן פאַרזיכערט מיט מאַטעריעלן גליק; „און דעמאָלט, דעמאָלט וועל איך האָבן גענוג צייט און מעגלעכקייט צו טאָן וואָס איך וויל. שפּעטער, אויף דער עלטער"... צו דער־מאָנען נאָר נאָך דריי צו אים: — מיכל קאַפּלאַן, יעקב טשעסטער און סעם טשעסטער. פאַראַן נאָך און נאָך.

אַ שאָד, אַ שאָד. זיך האָבן זיי נישט רייך געמאַכט און די יידישע ליטע־ראַטור איז געבליבן אָרעמער צוליב זייער יאָגן זיך נאָך עשירות.

עס קומט אַ ישר־כוח דער אלמנה, פלאָראַ, פאַרן צונויפקלייבן איר מאַנס ליטעראַרישע ירושה. דאָס בוך איז אַ שיינע מצבה, און ביז אַ געוויסער מאָס, אַ צוואה און אַ וואָרנונג פאַר אַנדערע, וואָס זיינען געשענקט מיט גאָטס מתנה — טאַלאַנט, און ווילן עס אויסבייטן אויף גלאַנציקע שערבלעך. דאָס בוך האָט אָבער אויך זיין אייגן ליטעראַרישן ווערט. ב. סענטערס ירושה איז אַ תשבורת ציפער פון דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס ער האָט געקאָנט איבערלאָזן. אָבער די פּכים קטנים זיינען עכטע. עס בעט זיך צו ציטירן ביאַליקס פיר שורות פון אַ ליד:

„געוועזן איז געווען אַ מענטש און זע, ער איז שוין מער נישטאָ. דאָס געזאַנג פון זיין לעבן האָט ער אַליין איבערגעהאַקט אינמיטן". און דערפאַר ווילט זיך ווייטער צושטעלן דעם פּסוק פון ישעיה „און עס איז געבליבן נאָך אים אַן אָפּקלייב, ווי נאָכן אָפּטרייסלען פון אַן איילבערטבוים, צוויי דריי קערעלעך אויף דעם שפּיץ פון אויבערשטן צווייג, פיר פינף אויף די צווייגן פון דעם פרוכטבאַרן וויינשטאָק", ס'איז נאָך אַ וואונדער וואָס אַזויפיל איז נאָך אים געבליבן.

„און אייביק לעבט דער מענטש
זיין אייגן לעבן
און שטאַרבט צום סוף
זיין אייגן טויט״...

(פון דער מצבה־אויפשריפט
אויף ב. סענטערס קבר...)

# 1

# לידער און פּאָעמעס

## ליכט

עס לעשט דאָס העלע ליכט ניט אויס דעם שיין פון שטערן.
עס צינדט די נאַכט ניט אָן זיין שיין.
עס איז מיין אויג וואָס ווערט פון העלן ליכט פאַרטונקלט,
עס איז מיין בליק וואָס קען זיין שיין אין פינצטערניש נאָר זען.

## צו דעם איבערבלייב

צו דעם איבערבלייב וועל איך קומען, און זאָגן וועל איך זיי אַזוי צו זאָגן.
זעט, — איך האָב די אומגעהערטע פון מיין ערד געטאָן פאַריאָגן,
און אויף די חורבות פון אומגערעכטיקייט, מיין הויז פון יושר וועט דאָרט שטיין.
און דאָ וואו פאַלשקייט האָט געהערשט, פון דאָרטן וועט גערעכטיקייט אויפגיין.
און ווי דער זאַמד וואָס לאָזט דעם ים פון זיינע ברעגן ניט אַריבעררינען,
אַזוי וועט פון מיין הויז גערעכטיקייט, קיין מאָל ניט אַנטרינען,
ווייל בויען וועל איך מיר אַ הויז פון יושר, און מיט גערעכטיקייט באַפעסטן.
מענטש און חיה, לייב און לאַם וועלן אין איר פרידלעך נעסטן.
צעברעכן וועל איך אויך דעם שפיז, די שווערד,
מיט כלי זיין אַקערן וועט מען די ערד.
ווייל אין יענע טעג, הערשן וועט קיין הערשער ניט איבער קנעכט.
יושר וועט געוועלטיקן, קיניגן וועט רעכט,
אויף אייביק וועט דער טויט פאַרגיין,
איר זייט ניט אַליין...

# שווער צו לעבן אויף דער וועלט

מיט ברכות באַלאָדן די ערד.
מיט אוצרות באַפּרוכפּערט איר טראַכט.
זאַמלסט די גיטער בייטאָג
באַשיצסט און באַהיטסט זיי ביינאַכט.

שפּייז פּאַר דיר און דעם וואָרעם.
אין טייכן אין וועלדער צעשפּרייט.
זאַנגען ווי זאַמד ביי די ימען,
אויף פעלדער און סטעפּעס צעזייט.

פרייגיקייט שפּראָצט פון די ביימער.
פייגל און חיה מיט ליבע באַזעלט.
עס שפּייזט דיך די ערד מיט איר שפע,
ליבע באַהעפט דיין געצעלט.

זאַמלסט אין שפּייכלערס די אוצרות
געלוסטיקייט נאָך דיין באַגער
באַלאָדן מיט האָב און מיט גוטס ;
באַקלאָגסט זיך דאָס לעבן איז שווער.

# זיבעצן־יאָריקער יינגל מיין

(געווידמעט דעם קדוש י. גרינשפּאַן)

זיבעצן־יאָריקער, יינגעלע מיין,
ברויזיקע כוואַליעס פון מענטשלעכן פּיין,
גליענדע פלאַמען צעצינדן אין בלוט,
צאָרן פאַרוואַנדלט אין קראַפט און אין מוט,
ווי לאַווע אַן אויסוועג דורך פעלדז און דורך בערג
ברעכט דורך זיך און פלאַסטערט דורך שטיינער אַ וועג.

זיבעצן־יאָריקער ייִנגעלע מײַן,
געוועזן שוין ווי דו און עס וועלן נאָך זײַן
מאַקאַבייער, און דוד מיט מוט און מיט שטיין
ווי דו זיך געשטעלט קעגן שונא אַליין,
געטיליקט דורך צער, מיט געפּאַנצערטן מוט
צעבראָכן ביים שונא זײַן האַנט און זײַן רוט.

זיבעצן־יאָריקער, ייִנגעלע מײַן,
פֿינקלדער, זוניקער, ליכטיקער שײַן,
געוויזן אַ וועג אויף וועלכן צו גיין,
וועסט אויף דעם וועג ניט בלײַבן אַליין.
ווי דו, מײַן ייִנגעלע, איך מיר זיינען גרייט
אין קאַמף ניט צו שטאַרבן מיטן אייגענעם טויט.

# איך ווייס, איך ווייס

אין בעטלער־קליידער אַלטע, שמוציקע וועל איך זיך באַקליידן,
און אין אַ מיטן נאַכט וועל איך אויף אייביק זיך פֿון אײַך אָפּשיידן.
שטיל און אומבאַמערקט וועל איך נאָך זיך די טיר פֿאַרשליסן.
און קיינער, קיינער וועט פֿון מײַן געביין ניט וויסן.
און ווי אַ הונט אַ היימלאָזער וועל איך ביי פֿרעמדע ווענט זיך שאַרן.
אַ פֿאַרגעסענער פֿון אײַך — פֿון גאָט וועל איך נאָך קיין זאַך מער ניט גאַרן.
— אַ קללה — אַן אויפֿברויז פֿון אַ צאָרן,
— אַ תוכחה פֿון אַ מוטערס בויך געבאָרן,
— אַ געטלעכער בזיון — אַן עקל און אַן אָפּשפּאָט,
אָט אַזאַ־אַ וועל איך וואַנדערן צווישן שטאָט און שטאָט.
קינדער וועלן פֿון מײַן אַנבליק אין געוויין פֿאַרגיין.
און ווער אַ האַנט נאָר הייבן קענען וואַרפֿן וועט אויף מיר אַ שטיין.
מיט ריגלען וועלן זיך פֿאַרויס פֿון מיר פֿאַרהאַקן טירן.
אויסברענען וועט מען דעם אָרט וואָס עס וועט מײַן האַנט באַרירן.
מיט אָפּפֿאַל, שמוץ, פֿאַרוואָרפֿן און פֿאַרשאָטן,
וועט ווערן יעדער אָרט וואָס עס האָט מײַן פֿוס באַטראָטן.

אַט דאָס וועט זיין מיין שטראָף פאַר זינד וואָס איך האָב קעגן אייך באַגאַנגען.
איך האָב אין אייך געפעלשט, און איר — מיט לאָרבער קראַנצן מיך באַהאַנגען.
איר האָט אי זיך, אי אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט אין מיר פאַרטרויט.
צעשטערט האָט איר צוליב מיר אַלץ וואָס דורות האָבן אויפגעבויט.
געשטרעקט די הענט האָט איר צו מיר מיט בלינדן צוטרויען און גלויבן,
און איך, אַ נישטיקער — אַ וואָרעם, צו אייך האָב איך זיך ניט געקענט דערהויבן.

און געוואָלט האָב איך אַ פּירער — אַ מענטשלעכער דערלייזער זיין.
אַ טרייסט אין צער — אַ שטראַלנדיקער פרייד — אַן אויפגייענדער שיין.
נאָר געוואָרן בין איך אַן אַנטוישונג — אַן אומגליק — אייערער אַ ביט
פאַרדינטער שטראָף.
איך ווייס — איך ווייס — אַ הינטישער באַדאַרף זיין מיין סוף.
ווי זיי, צו פרעמדע שוועלן, בעטלען וועסטו גיין.
אויסשטרעקן וועסטו נאָך בעטל־ברויט הונגעריקע הענט
מיט אָפּפאַל וועסט זיך זעטיקן, מיט שוואָמען פון די ווענט.
דורות וועלן ווערן פון דעם פנים פון דער ערד אָראָפּגעווישט,
שטעט, מדינות וועלן חרוב ווערן פון פאַרוויסט.
און דער וואָס וועט פון פייער און פון שווערד אַנטרינען;
טויט און הונגער וועט אים אויף זיין וועג געפינען,
ווייל פונקט ווי פייער ברענט נאָך גלות;
אַזוי שרייט אויכעט בלוט נאָך בלוט.

דערפאַר זאָגט גאָט צו אייך אַזוי צו זאָגן:
שווער איז אייער זינד די ערד זאָל זי פאַרטראָגן,
געקומען איז די צייט איך זאָל גערעכטיקייט פאַרטיילן.
דעם שולדיקן פאַרטיליקן, דעם גערעכטן לינדערן און היילן,
ווייל אין מיין נאָמען האָט אַ ברודער פון ברודער מי גענאָסן
אין מיין נאָמען האָט אַ ברודער, ברודערס בלוט פאַרגאָסן.
און צו שקלאַפעריי האָט איר אין מיין נאָמען אים געבראַכט
און מיך האָט איר צום אָפּלאַך, צום זידל־וואָרט געמאַכט.
דערפאַר וועט אַ פאַרשיכורטע פון בלוט, וואַקלען זיך די ערד,
ביז וויסן וועט פון רו מיין האַנט, מיין שווערד.

און שניידן וועל איך שניידן, אַלץ וואָס איר האָט אָנגעזייט.
און קריגן וועט איר קריגן, אַלץ וואָס איר האָט אָנגעגרייט,
ווייל פונקט ווי פייער ברענט נאָך גלוט,
אַזוי שרייט אויכעט בלוט נאָך בלוט.

אָט אין יענעם טאָג, ווי אין טעג פון סדום און עמורה;
אין וויין און זנות פאַרטומלען וועט איר אייער מורא.
זויפט און הורט, ביטאָ זיך, — וועט איר זאָגן, — וואָס צו זאָרגן,
אַז וועמעס איז דער היינט, איז יענעמס אויך דער מאָרגן.
אָט אין יענעם טאָג, צום אויפשטאַנד שאַלן וועט מיין האָרן.
אויפרייצן וועל איך ביי אונטערדריקטע זייער צאָרן,
און ווי שטורעמס רייסן, ברעכן, ברומען;
אַזאַ וועט אויך זיין זייער קומען.
און ווי צו די געוואַגטע, אַנטקעגן זיך צו שטעלן.
זייפן־בלאָזן זייט איר אויף צעברויזטע וועלן.
בלעטער טרוקענע — אַ שטורעם צו פאַרהאַלטן,
ווי מייז אין לעכער קריכט, אין שראַנקען וואו איר האָט די אוצרות אייערע באַהאַלטן,

און זאָל דאָס גאָלד אייך פון דעם אויפגערעגטן צאָרן איצט באַשיצן.
מיט האָב און גוטס האָט איר געמיינט וועט איר אויך מאַכט באַזיצן.
הערשער זייט איר איבער ים, און ערד געוואָרן.
נו, רופט דעם ים, רופט די ערד, לעשן זאָלן זיי דעם צאָרן,
נאָר ווי עס קען דער ים פון אָפּגרונט ניט אויסרינען;
און ווי עס קען די ערד אָן אַרבעט, קיין וועג זיך ניט געפינען;
אַזוי קענט איר פון זיך דעם משפט ניט פאַרמיידן.
מיט אַש באַדעק דיין קאָפּ, דו יונג פרוי! צערייס דיין קלייד פון סאַמעט און פון זיידן!

פאַרברעך די הענט פון צער, באַוויין דעם טאָג פון דיין געבאָרן!
צוליב די זינד פון דיינע עלטערן איז נגזר אויך אויף דיר דער גזר געוואָרן,
און אויף דעם זויגנדיקן קינד, און אויף דעם קינד אין מוטערס טראַכט, —
האָט איר דעם גזר דעם דאָזיקן געבראַכט.
און אין דעם טאָג פון משפט, משפטן וועל איך אַ דור פאַר דורות,
ווייל ווי דער בוים, אַזעלכע זיינען אויך די פּירות.

# באַרעכטיקט

פון מיינע אויסגעשמירטע הענט האָט איך געאיבלט,
פון מיינע דורכגעשוויסטע קליידער — האָט אויך ניט געשמעקט.
מיט אַ דיסענפעקט האָט איר באַך מיר די לופט געריייניקט,
און מיט די פינגער זיך די נעז פאַרשטעקט.

און מיינע מאַזאָליסטע, אויסגעשמירטע הענט, —
ווי פוקע בריסטן פון מוטערס, האָבן איך געגערט.
ווי אַ ציקלאָן האָב איך אויסגעדרייט די אינגעווייד פון דער ערד.
מאַזאָליעס זיך, — אוצרות אייך, — האָב איך נאָר פאַרמערט.

באַרעכטיק איך דעם איבל אייערן, ווי אַ געפאַלענעם די ביילן,
שונאים, מיט מיין פראַצע שפּייז איך, דאַרן זאָלן מיר די הענט.
ווי שמשון אין זיין בלינדן כוח, איפּטרייסלען האָב איך באַדאַרפט די זיילן
און אויף די חורבות בויען נייע ווענט.

# דער שטומער ריטער

ווערטער פּשוטע האָב איך גערעדט צו אייך, פאַרשטענדלעכע,
ווערטער מענטשלעכע, פון שיך, פון העמד, פון הונגער נויט —
מיין האַרץ צעעפנט ווי אַ בוך אַן אָפענעם,
און ווי געבעטלט וואָלט איך לוין פון אייך פאַר פראַצע ערלעכע.

נאָר די ווערטער מיינע, פּשוטע, האָט איר ניט באַגריפן,
פרעמד, ווי איך, איז אייך מיין שפראַך, מיין וואָרט.
וועל איך, ווי אַ שטומער, ריידן מיט די הענט צו אייך,
מיט צייכנס בלוט, פון אַ מייסטערס האַנט געשליפן.

מיט הענט, וואָס שפּאַלטן בערג און ציען גאָלד אַרויס פון שטיין;
וואָס שפּילן איבער רעלסן, ווי אויף סטרונעס סערענאַדעס צו מרחקים;
הענט וואָס שלייפן פונקען אויס אויף גלוטיקע קאַוואַדלעס.
ריידן וועלן הענט צו אייך, אַ שפּראַך איר זאָלט פאַרשטיין.

ריידן וועלן הענט געאיבטע פון דעם האַמער.
פינגער אויסגעלערנטע פון קליעשטשעס צו פאַרצוואַנגען.
אַ שפּראַך וואָס הילכט פון שטומקייט אָפּ אין אַלע ריפּן,
ווי כוחות ברויזנדע אין צאַמען, רייסן זיך פון קלאַמער.

אַ שפּראַך פון אייזן, קנאַכן, בראָנז אוןביין,
ווערטער — בוכצעס אין די זייטן, אויסגעזעצטע ציין.
און קאָפּ אָן וואַנט ווי רוחות וואָלטן אייך געטראָגן,
אַ שפּראַך אַזאַ — איר וועט אַלע זי פאַרשטיין.

# ניין און צוואַנציק

ניין און צוואַנציק יאָר האָב איך אַלץ זייגערלעך געמאַכט,
אַרבעט האָט מען מיר פון ווייטסטע שטעט געבראַכט;
באַוואוסט בין איך צוליב די זייגערס ווייט אַרום געוואָרן,
מיינע זייגערס האָבן קיינמאָל קיין צייט נאָך ניט פאַרלאָרן.
נאָר איך, וואָס האָב די צייט פון זייגערס רעגולירט,
האָב רעגולירנדיק די צייט ביז איצטער ניט דערשפּירט,
ווי איך האָב צוואַנציק גאַנצע מיט ניין יאָרן,
פון מיין אייגן צייט פאַרלאָרן.

# נאָכן משפט

מיין ליבן א. רייזענען — געווידמעט.

געבענטשט זאָל זיין די האַנט וואָס האָט אין מיר דעם שטיין געוואָרפן;
און די ערד וואָס איז באַפלעקט געוואָרן פון מיין בלוט.
געבענטשט זאָל זיין דער שטיין וואָס האָט אין מיר געטראָפן;
און דער בוים פון וועמעס צווייג מען האָט פאַר מיר געמאַכט די רוט.
און אַלע די וואָס האָבן מיך געיאָגט, באַליידיקט און באַטראָגן; —
מיין גייסט וועט צווישן זיי דורך אייביקייטן רוען.
און ווי יעזוס — וועל איך אויך די ווערטער זייבע זאָגן —
פאַרגיב זיי גאָט — זיי ווייסן דאָך ניט וואָס זיי טוען,
וויל פונקט ווי מיר, אויך זיי דאָך בלוטיקן די וואונדן.
ניט פאַרפרעמדט בין איך פון זיי און ניט דערווייטערט.
געבענטשט זאָל זיין די שעה וואָס האָט אויף אייביק מיך מיט זיי פאַרבונדן,
און געבענטשט זאָל זיין אָט דער, וואָס האָט זיך דורך מיין בלוט געלייטערט.
געבענטשט זאָל זיין מיין פריינד, געבענטשט זאָל אויך מיין שונא זיין,
מיט שפע און מיט שפייז, מיט זונען־שיין און רעגן.
די ליידן זייערע האָב איך דערפילט, נאָר דורך מיין אייגן פיין;
וועל איך זיך אייביק פייניקן פאַר זיי, און פאַר זייערטוועגן,
וויל איידער מיר, האָט זיי שוין לאַנג, שוין לאַנג דער שטיין געטראָפן,
און איידער מיך, געשטויסן האָט זיי לאַנג, שוין לאַנג די רוט.
געבענטשט זאָל זיין די האַנט, —
וואָס האָט אין מיר דעם שטיין געוואָרפן.
און די ערד וואָס איז באַפלעקט געוואָרן פון מיין בלוט.

# פּאָרצערט

ניט פון פונק וואָס רירט אים אָן, —
נאָר פון זיין אייגן פעך, צינדט דער בוים זיך אָן.
פּאָרצערט ווער איך אָט ווי דער בוים — אויך פון מיין אייגן האָס.
און פון פלוך אויף מיינע ליפּן —
קיינער האָט צו מיר אים ניט געבראַכט.
לאַנג, שוין לאַנג געטליעט האָט אין מיר אַ צאָרן.
און דער פלוך — האָט זיך פון לאַנג אין מיר געוועבט.
און אויב ניט דו — פון זיך אַליין וואָלט מיט אַ קללה
אַרויסגעריסן זיך מיין צאָרן.

# דער הינקעדיקער ריטער

איך בין דער הינקעדיקער ריטער.
אַ קוליע איז מיין פעדעסטאַל.
עס ברויזט אין שטאָל און שטיין און בראַנדזו
מיין ריטערלעכער קול.
אויף יוניאָן־סקווער, צי אויף אַן אַנדער חשובן אָרט באַדאַרף מען מיר אַ
דענקמאָל שטעלן.

און אָט אַזוי־אָ ווי איך בין, אַזוי אויך אויפן דענקמאָל, דאַרף אַ פוס מיר פעלן.
און זאָלן קומענדיקע דורות זען דעם ריטער פון ביינצן איין און הרייסיק,
אויף קוליעס, ווי אַ הויז אויף רישטאָוואַניעס, נאָר ריטעריש און דרייסטיק.
אין פויסטן שטאַרק פאַרקניפּט די הענט, מיט איינגעצאַמטן צאָרן.
די ברוסט אַנטבלויזט, פאַרברענט, אַ העמד — זייך פאַנצער — קוליעס
אָנשטאָט שפּאָרן.

און געצילט די פויסטן פון דעם ריטער וועט ניט צו פיינטע עוועניו, און וואָל־
סטריט זיין,
נאָר צו די פון וואָטער סטריט און באַוערי, וואָס ווייטיקן אין פּיין.
און צו די, ווי מיר, וואָס קוליעס, פלעקער, דינען זיי פאַר פיס,
און צו די וואָס זיינען אָנגעשטעקט מיט קרעץ, טובערקולאָז, סיפיליס,
אויף יוניאָן סקווער, צי אויף אַן אַנדער חשובן אָרט, באַדאַרף מיין דענקמאָל
שטיין.

און אָט אַזוי, אָ, ווי איך בין, אַזוי אויך אויפֿן דענקמאָל, מיט פֿאַרשטשירעטע
ציין.

און זאָלן קומענדיקע דורות זען דעם ריטער פֿון ניינצן איין און דרייסיק.
אַ פּנים אויסגעקרימט פֿון ווייטיק. און צאַמט אין זיך זיין צאָרן פֿלייסיק.
און האַלט ווי שטיינער איינגעקניפּטע פֿויסטן, פֿאַרמאָסטן אויף די מאַסן,
וועלכע דעמאָנסטרירן ווייטיקן געמישט מיט כוח אויף עוועניוס און גאַסן.
און שטיינער אויפֿן ברוק — האַנט גראַנאַטן, בלייבן פֿאַרברוקירט.
און אין עוועניוס די פֿענצטער רייצן, מיט אַל־דאָס גוטס באַצירט
און איך, דער ריטער פֿון ניינצן איין און דרייסיק, האָב זיי ניט געשאָלטן.
און קיין איין־און־איינציק קאָפּ, האָב איך אויף צווייען ניט צעשפּאָלטן.
און קיין איינציק צונג האָב איך פֿון פּלאַפּלערס מיילער ניט אַרויסגעריסן.
געוואַרט — געפֿיבערט — אָט, אָט, אָט, — אַנטוישט — די ליפּן נאָר געביסן.

איך בין דער הינקעדיקער ריטער
אַ קאַליע איז מיין פּעדעסטאַל.
עס ברויזט אין שטאָל אין שטיין און בראַנדז
מיין ריטערלעכער קול.

# פֿאַרלאָר רעוואָלוציאָנערן

די הענט, דאָס פּנים, ווי ביי אַ האָרעפּאַשניק זיך פֿאַרשמירט
און ווי אַ חזיר זיינע קלאָען, ווייזט איר אייער פּראָלעטאַרישקייט.
ווי אָפּפּאַל מיטן שטראָם, אָן ווילן, שלעפּט איך מיט די צייט,
און אָנשטאָט אַ מאַסאָן צייכן, זיך מיט לעניִנס בילד באַצירט.

נאָר ניט צו רעוואָלוציע האָט זיך ווען פֿאַרטראַכט אַ שטרוי אין ווינט.
פֿאַרפֿומירטע שאַנסאָנעטקעס, איז אייער אידעאַל און גלויבן.
ניט די רויטע פֿאָן, פֿון ווינט געפֿלאַטערט, קען איך ווען דערהויבן.
צעהיצן אייך דאָס בלוט, קען אַן אויפֿגעהויבן קליידל, גראָשנדיקע זינד.

טומלער, שרייער, אין אָרקעסטער אַ טרופּטשנער באַראַבאַן.
פֿול זייט איר אויף אַלע שמחות. ברייעט ניט געשטויגן.
אַ שטורעם ווייס מען טראָגט אַ שטויב, און בלענדט די אויגן.
ים־פֿייגל דרייען זיך אַרום אַ שיף, רויבער נאָך אַ קאַראַוואַן.

# אויף מיין וועג

עס איז מיר היינט אַ שוואַרצע קאַץ דעם וועג פאַרלאָפן,
איך ווייס עס האָט מיט מיר אַן אומגליק שוין געטראָפן.
און די שוואַרצע קאַץ האָט מיר דאָס איצט געבראַכט
אַ וואָרנונג פון דעם אומגליק, וואָס עמעץ האָט פאַר מיר פאַרטראַכט,
צי אפשר פון אַ פיינט וואָס לויערט וואו פאַרבאָרגן שוין אויף מיר
אויף מיין וועג, אין מיין הויז, אָדער ביי מיין טיר.
נאָר סיי־ווי־סיי אַן אומגליק האָט געטראָפן,
אַז ניט, צו וואָס איז מיר די קאַץ דעם וועג פאַרלאָפן?

עס איז דער אָנהייב פון אַ נייעם טאָג געוועזן,
ווען איך האָב אָט די שוואַרצע קאַץ דערזען.
רואיק בין איך מיר געגאַנגען און געטראַכט פון רעגן, אָדער גאָר פון ווינט,
צי פון מיינע, אָדער עמעץ אַנדערנס אַ זינד.
ווען פלוצלונג האָט אַ שוואַרץ געטאָן מיר עפּעס פאַר די אויגן
איך קוק זיך אום און זע, ס׳האָט פאַזע מיר אַ שוואַרצע קאַץ זיך דורכגעצויגן.
און צום פאַרקאָן האָט זי זיך פאַמעלעך צוגערוקט,
און אין די אויגן מיר האָט זי מיט אירע קעצישע געקוקט.
פון איר בליק איז מיר דאָס בלוט אין מיינע אָדערן געוואָרן פאַרפראָרן
און מיטאַמאָל האָב איך זי פון מיין אויג פאַרלאָרן.

אַ צעשראָקענער בין איך אַ לאַנגע צייט געשטאַנען און געטראַכט,
פון וואָס איך האָב אַ וועזן אַזאַ גרויסן דאָ געמאַכט.
אַ קאַץ — איז וואָס? און אפשר האָט זיך מיר אַזוי נאָר אויסגעדוכט?
און טראַכטנדיק אַזוי, האָב איך ביים פאַרקאָן זי אַרומגעזוכט.
און אויפן זאַמד די טריט האָב איך אירע באַמגעשפירט,
ביז צום הויז מיין אייגנס, האָבן אירע טריט געפירט.
און פון וויטן האָב איך זיצנדיק זי אויף מיין שוועל דערזען
און אָט אַזוי ווי איך דערצייל, אַזוי איז דאָס געשען.
רואיק איז זי זיך געזעסן, און געוואַשן זיך דעם עק,
און אין מיר, איך ווייס גאָר ניט פאַרוואָס, צעוואַקסן האָט זיך אַזאַ שרעק.
ווי אַ לויערער אויף פרעמדע וועגן וועלכן שרעקט פון טאָג די שיין,

אַזוי האָב איך זיך אויך געשראָקן אין מיין אייגן הויז אַרייך.
שטיל דעם טראָט און איינגעבויגן, געשאַרט האָב איך זיך ביי די ווענט,
צו מיין פרוי און קינד אין צימער, האָב איך אַזוי זיך דערנעענט.
קינד און מוטער, ווי צוויי קינדער,ביידע האָבן זיך געשפּילט
אויף וועמען פון אונדז דרייען, האָט דער אומגליק זיך פאַרצילט ?
איינער איז דאָך מיטן צווייטן, בלוט מיט בלוט פאַרבונדן,
אַז וועמען זאָל פון אונדז ניט ווי טאָן — יעדנס זיינען דאָך די וואונדן.
און אויסהיטן זיך, צי זיי, האָב איך קיין אויסוועג ניט געזען.
אַז דאָס וואָס דאַרף — אָט דאָס וועט סיי־ווי־סיי געשען.
און מיט אַלע מיינע קלוגשאַפטן קען איך ניט דעם גאַנג פון אומגליק שטערן.
אַז סיי דעם נאַר, און סיי דעם קלוגן, פאַרניכטן וועט ער, און פאַרצערן.
און מיט אַמאָל האָט זיך דאָס קינד, פון עפּעס אויפן קול צעלאַכט
און קוקנדיק אויף אים, האָב איך צו זיך אַליין געטראַכט.
אַז אין אומגליק זיינען אַלע, אַלע מענטשן גלייך,
דער בעטלער ביי דעם טויער, דער תּקיף וואָס איז רייך,
די מוטער פון צען קינדער, די איינזאַמע עקרה,
דער קנעכט געשמידט אין קייטן, דער הערשער און דער שררה,
אַז דער אומגליק קומט צו יעדערן אָן אָנשטרענג און מי.
זיין אומגליק אָבער צו זוכן ווייס ניט קיינער, קיינער וויס ניט ווי.

און ווי אַ קאַץ האָט זי נאַשעריש אויף מיר געקוקט.
און אירע צוויי און צוואַנציק יאָרנדיקע הענט האָבן צו מיר זיך גלוסטנדיק געצויגן.
און אַ גלוסטיקייט האָט זיך צעברענט אין אירע אויגן,
און איך — געטראַכט האָב איך אַז ניט פאַר מיר אַליין האָט זי גאָט באַשאַפן.
איז פונקט ווי מיר וואָלט זי אַן אַנדערן אויך גליק געקענט פאַרשאַפן.
און ווי פון זעלבן בוימוואָל קען זיך יעדערער אַ פאָדעם שפּינען
וואָלט אין איר אַן אַנדערער, ווי איך, זיין גליק געפונען.
מיין פרוי האָט לאַשטשענדיק צו מיר זיך צוגערוקט,
און דאָס קינד וואָס איך האָב פאַר מיין גרעסטן גליק באַטראַכט,
האָט נאָר צופעליק אַזוי גאָר זיך געמאַכט.
זי וואָלט געקענט אָן מיר אויך קינדער האָבן, וויפל נאָר זי וויל.
מיינע קינדער — יענעמס קינדער — עס איז אין קינדער אַזאַ שפּיל.

אַ פֿאַראורטיילטער האָב איך זיך פֿון דאַן שוין אַן אַרומגעדרייט.
דער אומגליק האָט זיין נעץ נאָך סיי־ווי־סיי אויף מיר פֿאַרשפּרייט.
און אויסקויפֿן פֿון אומגליק האָט ביז איצט דאָך קיינער ניט
אַנטלויפֿסטו ווייס איך, לויפֿט דער אומגליק מיט דיר מיט.
נאָר איך ווייס גאָר ניט פֿאַרוואָס, איך האָב אויף אַלעמען געטראָגן אַ פֿאַרדאַכט
גערעדט האָב איך ניט מער צו קיינעם פֿון דעם, וואָס כ'האָב געטראַכט.
ווייב און קינד, און אַלע מיינע פֿריינד האָב איך פֿון זיך גענומען יאָגן.
קיינעם, קיינעם האָב איך מער פֿון זיי שוין ניט געקענט פֿאַרטראָגן.
און אין דעם שמייכל פֿון מיין איין־און־איינציק קינד
געזען האָב איך נאָר עמעץ אַנדערנס אַ זינד.

2

רופֿט זיך אָן אַמאָל מיין ווייב, און זאָגט צו מיר אַזוי.
דו ביסט איינער — איך בין איינע —ביידע זיינען מיר דאָך צוויי.
און מיט קיין זאַך — אַזוי זאָגט זי — ביסט צו מיר פֿון לאַנג שוין ניט געבונדן,
אויסגעהיילט האָבן זיך אויף פֿון לאַנג, פֿון לאַנג די וואונדן.
און וואָס געווען איז געווען.
איצטער — זאָגט זי — לאָמיר זען,
צו קענען מיר ניט ענדערן דעם גאַנג פֿון אונדזער לעבן,
און אַנשטאָט צו נעמען צו נעמען — לאָמיר געבן, געבן,
געבן אַלץ — אַלץ וואָס מיר פֿאַרמאָגן — אַלץ, אַפֿילו זיך אַליין.
(איך האָב דעם זין פֿון אירע ווערטער ניט געקענט פֿאַרשטיין)
עס איז — זאָגט זי דאָ אין געבן, אַ גרויסער גליק פֿאַרבאָרגן,
אַזוי אַרום קענסטן זיך מיט גליק, אויף אייביק נאָר פֿאַרזאָרגן.
און דיין פּנים אַנשטאָט טרויעריק מיט אַ שמייכל וועט זיך דיר פֿאַרציען
און די אויגן דיינע אַנשטאָט שרעק — אַ פֿרייד וועט זיך אין זיי צעגליען.
אָט אַזוי אַ געבנדיק, מיט פֿולע הויפֿנס געבנדיק, לאָמיר אונדזער לעבן שפּינען.
וועסט זען, וועסט זען — אַזוי אַ זאָגט זי — וויפֿל גליק עס וועט פֿאַר אונדז
ביידן זיך געפֿינען.

***

אַזוי האָט זי פֿון גליק אַ ליד אַ נייע מיר געזונגען,
און דאָס ליד אירס איז אין האַרצן מיר געדרונגען.

# שווייג

וועסט דיין צער דאָך ניט איבערשרייען.
און די שמערצן דיינע —
אויב דו האָסט אַליין אויף זיך געבראַכט.
פאַרבאָרג די ווייטיקן אין זיך, —
און שווייג.
נאָר אויב אַ שונא האָט די לײדן דיינע דיר פאַרשאַפט,
וועלן די געשרייען דיינע אים דאָך נאָר דערפרייען.
פאַרקרים די ליפּן דיינע אין אַ שמייכל,
און מיט אַן אויסגעקרימטן שמייכל גיי אַרום —
און שווייג.

# דערהייבן

באַגנט זיינען מיר ווי דו מיינע אָפּגעלעבטע יאָרן.
אַ נייע פרייד אַ מאָרגנדיקע לאָקט,
און שרעקט מיך ווי דער מאָרגנדיקער טאָג.
איך זע אַ הינטער זיך פאַרגייט אין נעבלקייט מיין יוגנט.
פאַרויס פון מיר אין גרויקייט שפּאַנט די עלטער.
און צווישן וועג פון מאָרגן און פון נעכטן,
אַ דערהייבענע שטייסטו.
און מעסטן וועל איך איצט מיין נייעם גליק פון מאָרגן
מיט דער מאָס פון נעכטן.

# עכאָ

איך האָב אין דיר דערזען אַן אָפּשפּיגלונג פון זיך.
און די צערטלעכקייט? —
עס איז דאָך נאָר וואָס דו האָסט זי אין מיר אַרויסגערופן,
עס וואָלט אַן דיר דאָך סיי־ווי־סיי אין מיר די צערטלעכקייט
וויברירט.

נאָר אַנשטאָט דיך
אַ צווייטער וואָלט מיין האַנט געגלעט.
און אימיצנס, אַן אַנדער אַ נאָמען, אַנשטאָט דיינעם,
וואָלט ווי אַ תפילה אויף די ליפּן מיר געוועבט.

# באַגלייט

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך דעם טאָג באַגלייט
און ביזן אָנהייב פון דעם נייעם טאָג,
האָב איך זיין סוף דערפירט.
באַהעפּטיקט האָב איך מאָרגן מיטן נעכטן
ביז עס האָט דער נעכטן
דעם מאָרגן מיר געבראַכט.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך דעם טאָג באַגלייט
אַ גאַנצן טאָג באַגלייט איך איצט די נאַכט,
און טאָג און נאַכט, און נאַכט און טאָג
באַגלייטן מיך.
באַגלייטן מיך אַזוי פון אָנהייב ביזן סוף.
ביז זייער —
און מיין אייגן סוף.

# אנדאַלינדאַ

.1

ווען אַוועק, ווען געקומען
אַנדאַלינדאַ,
פרעג ניט.
אירע ליפן שטומען.

וויפל טעג, וויפל יאָרן
אַנדאַלינדאַ,
פרעג ניט.
וואָס פון דיר, פון מיר געוואָרן.

ציען וועגן — איך אויף וועגן,
אַנדאַלינדאַ,
וועט אויף מיר ניט פרעגן.

ביך אַוועק ניט צו קומען.
פרעג ניט.
טויטע אין די קברים שטומען.

.2

צי זאָל עס זיין אַ שאָטן איז פאַר מיר פאַרבייגעפלויגן?
אַ פויגל אַ פאַרווירטע? צי האָט אַ שטראַל אַ בלענד געטאָן מיר פאַר די אויגן?
צי דו, אַנדאַלינדאַ, האָסט פון ערגעץ זיך באַוויזן;
דורכגעשלייכט זיך, דורכגעלאָפן, ווי אַ בליץ זיך דורכגעריסן?
אַ שיין, אַ ליכט, אַ שטראַל געטאָן, אַ ברען.
עס האָט מיין בליק דיך ניט דערזען.
ביסט געווען און ניט געוואָרן.
ווי אַ חלום אויסגעחלומט און פאַרלאָרן.

אַנדאַלינדאַ.

צי אפשר האָט אַ האַנט אַ סטרונע וואו באַרירט?
צי אפשר גאָר אַ כישופמאַכער האָט מיט כישוף זיך געשפּילט?
און טאַשמעס האָט ער פון אַ הוט אַן אַ סוף געצויגן,
און מיטן כישוף פאַרבלענדט האָט ער מיר מיינע אויגן?
צי זאָל עס זיין אַז עמעצנס אַ ברכה האָט געגאָלטן?
צי אפשר בין איך גאָר אויף אייביק מיט אַ בלענדעניש פאַרשאָלטן,
און זע אין אַלץ אַן אָפּשפּיגלונג פון דיין געשטאַלט,
ווי דעם רויש פון וואָס קומט פון וואַלד?..
אַנדאַלינדאַ.

עס דוכט זיך מיר, איך בין פון דיר אינגאַנצן שוין באַפרייט.
אָפּגעמעקט דיין אָנדענק, האָט פון לאַנג די צייט.
טראַכט זיך מיר פון וועלטלעכע ענינים, רעוואָלוציע
פון איינשטיינען און דאַרווינס עוואָלוציע,
פון אורשפּרונג, פלאַנצן, און אַטאָמען.
פאַרטיפט אין וויסנשאַפט, אַנדאַלינדאַ, מורמל איך דיין נאָמען,
אַנדאַלינדאַ, אָט דעם נאָמען וואָס איך אַליין האָב דיר געגעבן;
עס הייבט אויף די ליפּן מיינע, אַן פון זיך אַליין צו וועבן.
אַנדאַלינדאַ.

ווי איך, דיין נאָמען האָט גאָט אַזוי דיך אויסגעחלומט.
זיין נאָמען וועל איך אייביק לויבן.
און חלום איך פון דיר, פון דיר מיין אַנדאַלינדאַ
וועך איך צו געטלעכקייט דערהויבן.
און בעט איך זיך ביי דיר, ביי דיר, מיין אַנדאַלינדאַ,
פאַרגעבן זאָלסטו מיינע זינד.
גלייך איך וואָלט מיין גאָט און דיין באַשעפער
מיט איבערגעבנקייט געדינט.

# דער אָנבליק דיינער

א.

עס וועט דער אָנבליק דיינער
קיין מאָל ניט פון מיר אַנטרינען.
אַ שאָטן פון דיין ענלעכקייט
וועל איך ביי אַנדערע געפינען.
אַ צופעליקער בליק, אַ שמייכל,
פון קול אַן ענלעכער קלאַנג.
אַ צוק, ווי דיינע אַקסלען,
ווי דיינער, עמעצנס אַ גאַנג.
אַ קאַפּריז, אַ ווענדונג,
אַ קער, אַ קנייטש, אַ ריר.
אַ לאָק אַזאַ ווי דיינער, —
דערמאָנען וועט אָן דיר.
אַ שטריך ביי דער, ביי יענער
אַ בליץ טאָן וועט פאַר מיר.
נאָענט וועט מיר ווערן
די ענלעכסטע צו דיר...

ב.

פאַרטיליקט האָב איך מלכים.
לענדער — פאַר מיין ארב געמאַכט.
דו נאַר, מיידל, האָסט
אַ דערנידערונג אויף מיר געבראַכט.
פאַרוואָרפן האָב איך מיין געווער
צעבראָכן פייל און בויגן.
ווי אַ פלאַטערל צום ליכט
האָט מיך צו דיר געצויגן.
און איצטער, דינער מיינע, דינער,
ווי אַנטרונענע פון קריג.

דורך וועגן זייטיקע, פאַרשעמטע
לאָמיר גיין צוריק.
דורך וועגן איצטיקע, פאַרשעמטע,
לאָמיר גיין צוריק;
עס האָט פאַרפעלט דער קריגער
אָנצוזאָגן קריג...

## איך האָב געזאָגט צו דיר...

איך האָב געזאָגט צו דיר אַזוי צו זאָגן;
עס זאָל דיין האַרץ קיין האַס ניט טראָגן.
ריין זאָל זיין דיין בליק פון צאָרן.
געדענק; — צו ליבן ביסטו דאָך געבאָרן.
דורך ליבע זאָלסטו דיינע טעג און יאָרן שפּינען,
דורך ליבע זאָלסטו אָן אויסוועג זיך געפינען.
און אויף דיין שונאס בייזן בליק —
מיט ליבע זאָלסטו ענטפערן צוריק.

איך האָב דיר אויך געזאָגט אַזוי צו זאָגן;
ווען דו ווערסט פון היינט געשלאָגן,
און ס'וועט דיין קינד דיין שונא לויבן —
באַוואָר אויף זיי אַ האַנט צו הייבן.
באַוואָר אויף זיי אַ פלוך צו פלוכן.
אין דיין צאָרן זאָלסטו זייער צער נאָר זוכן.
זייער צער — איז אויך דיין צאָרן.
געדענק: — צו ליבן ביסטו דאָך געבאָרן...

און אָנגעזאָגט האָב איך מען זאָל דיר אָט וואָס זאָגן:
פאַר דיין שונא זאָלסט זיך זאָרגן.
עס איז דאָך דו, וואָס האָט צום שונא אים געמאַכט,
ער האָט די שנאה צו דיין שוועל דיר נאָר געבראַכט.

ער האָט געשניטן וואָס דו האָסט געזייט,
ווייל אַנשטאָט ליבע, האָסטו האַס געשפּרייט.
דערפאַר האָב איך צו דיר געזאָגט אַזוי צו זאָגן:
קענסט דיין פריינד פון זיך פאַריאָגן,
נאָר דיין שונא זאָלסטו שוינען.
פאַר זיין האַס זאָלסטו מיט ליבע אים באַלוינען.
ווייל פונקט ווי דו, איז ער צו ליבן אויך געבאָרן.
צוליב דיר איז ער דיין שונא דאָך געוואָרן.

# ניט פון בוים האָב איך געטראַכט

ניט פון בוים האָב איך געטראַכט אין ווינטערדיקער נאַכט
ווען מיט צייטיק פּרוכט האָב איך זיך ביים קאַמין געקוויקט;
נאָר פון דער קראָם מיט די באַלויכטענע וויטרינעס.
וואו פּרוכט און פּיראַמידן האָט ביזן באַלקן זיך געהויפט.
און ניט פון דיר, מיין אומבאַקאַנטע שערעזאַדע,
ווען טענער פון „ציגיינער ווייזע" האָבן מיך דערהייטערט.
נאָר פון דעם קלעזמער אין דעם שוואַרצן פראַק,
מיט לאַנגע, ווייסע ציטערדיקע פינגער,
וואָס האָט די „ציגיינער ווייזע" מיטן בויגן,
און מיט די לאַנגע ציטערדיקע פינגער אויסגעכישופט.
און ווי דער בוים וואָס שטומט באַדעקט איצט וואו מיט שניי,
האָט אין זיין בליען אויסגעצייטיקט פּרוכט;
אַזוי אויך דו מיין וואונדערלעכע אומבאַקאַנטע שערעזאַדע,
און ווי די קראָם מיט די באַלויכטענע וויטרינעס, —
זע איך נאָר דעם קלעזמער מיטן שוואַרצן פראַק.

# אין האַלבן ליכט

אויסגעדרייט האָב איך ביז האַלב דאָס ליכט.
און די גאַרדינען ביזן דיל אַראָפּגעלאָזן.
באַלד דאַרפסטו קומען.

נאָכדעם האָב איך זיך באַטראַכט אין שפּיגל.
אויסגעריסן דאָ און דאָרט אַ גרויע האָר.
באַלד וועסטו דאָך קומען.

אויסגעלאָשן האָט דער לאָמפּן־צינדער די פּאָנאַרן.
אין דרויסן האָט מיט נייעם טאָג געגרויט.
דו ביסט ניט געקומען.

די גאַרדינען האַלט איך איצט אַרויפגעצויגן.
דורכן פענצטער קוקט אַריין דער טאָג.
מער וועסטו ניט קומען,
שוין קיין מאָל מער ניט קומען.

# עס דוכט זיך מיר אַמאָל

עס דוכט זיך מיר אַמאָל
איך האָב אין דיר פאַרגעסן.
אַ פרעמדע פרייד אַ ווייטע,
ציטערט אויף אין מיר.
און ווי דער ווינט, אַ שטרוי אין וועג,
טראָגט זי מיך מיט זיך אַוועק.
דערהייבט מיך און דערפרייט.
און עס דוכט זיך מיר,
איך האָב אין דיר פאַרגעסן.
נאָר ניין!
אַן עכאָ פון מיין אַלטן גליק,

**דערטראָגט זיך אָפּט צוריק,**
**עס איז די אַלטע פרייד,**
**וואָס ציטערט אויף אין מיר.**
**באַהויכט מיך און באַלעבט.**
**עס דוכט זיך מיר,**
**איך האָב אין דיר פאַרגעסן . . .**

## אַ תפילה

גיב מיר, גאָט, אַ וואַנדער־שטעקן,
און אַ לוסט צו וואָגלען.
אַ ציגן־פעל זיך צוצודעקן,
וואַסער אין די לאָגלען.
שפייז מיך ווי דעם ביזאָן,
דעם שפּאַרבער און די בינען,
ווי זיי — מיין דאַרן ביסן,
לאָז מיך אויך געפינען.
פון ריטער, ווי דעם ביבער
בוי אויף מיר מיין געצעלט.
די טיפענישן פון גריבער —
שיצן זאָלן מיך פון קעלט.
אַ ברודער־בונד פון פריינטשאַפט, —
צווישן מיר און חיה שליס.
טו אָפּ פון אונדז די פיינטשאַפט,
פאַרמייד מיין האַנט פון שפּיז.
דעם קראַנקען וואָלף צו לינדן, —
זיין רופא לאָז מיך זיין.
מיט זאַלב זיין וואונד פאַרבינדן,
צו גרינגערן זיין פּיין.
און ווען מיין שוואַך קול
וועט פאַלן אויף אַ שטיין,
ערגעץ אַ היענע זאָל
אין אַ יאָמערן פאַרגיין.

# אויסגעלאָשן

אויסגעדרייט האָב איך אין לאָמפּ ביז האַלב דאָס ליכט.
און די גאַרדינען ביזן דיל אַראָפּגעלאָזן.
באַלד דאַרפסטו דאָך קומען.

נאָכדעם האָב איך זיך אין שפּיגל אַ לאַנגע צייט באַטראַכט.
אויסגעריסן דאָ און דאָרט אַ גרויען האָר,
באַלד וועסטו דאָך קומען.

אויסגעלאָשן האָט דער לאָמפּן־צינדער די פּאַנאַרן,
אין דרויסן האָט דער נייער טאָג געגרויט,
דו ביסט ניט געקומען.

די גאַרדינען האַלט איך איצט אַרויפגעצויגן,
און מיין קאָפּ אינגאַנצן איז מיט גרויע האָר באַוואַקסן.
דו וועסט איצט ניט קומען.
מער קיינמאָל ניט קומען.

# ביבלישע מאָטיוון

1

שטיי אויף בן אדם און צו די לאַנד־באַזיצער גיי.
אין מיין נאָמען זאָגן זאָלסטו זיי אַזוי ;
ניט פֿאַר אייך האָב איך די שפֿע אויף דער ערד געבראַכט.
ניט פֿאַר אייך אַליין האָב איך מיט אוצרות אָנגעפּילט איר טראַכט.
ניט פֿאַר אייך, אָ ניט פֿאַר אייך, האָב איך דורך ווילן, קראַפט און מי
וועלט און מענטש באַשאַפֿן, שפּייז פֿאַר פֿייגל, וואָרים, מילב און פֿי.
און ניט דעם אורשטאַם אייערן, נייערט אייך האָב איך אויסדערוויילט.
אויף נחלות און אויף שטאַטן, האָט איר צווישן זיך מיין ערד צעטיילט.
מיט גרענעצן און צאַמען, האָט איר אַן אַרב פֿאַר קינדס־קינדער פֿאַרשריבן,
און ביין פֿון אייער ביין, און שטאַם פֿון אייער שטאַם, פֿון פּנים פֿון דער ערד פֿאַרטריבן,
ווי פֿערד האָט איר אין מערק מיין ערד געטוישט אויף שקלאַפֿן און אויף רינדער.
פֿאַר הערשער האָט איר זיך געקרוינט, פֿאַר מיינע אויסדערוויילטע קינדער.
באַשאַפֿן — זאָגט איר — האָב איך אייך, אין מיין געטלעכן געשטאַלט,
געפֿורעמט אין מיין פֿורעם,
און איך, דער גאָט פֿון ליכט און ליבע, פֿון ימים, פֿייער, בליץ און שטורעם,
איך, וואָס וועלטן בוי זיי און פֿאַרוויסט, און קיינער וואַגט ניט אָקעגן זיך צו שטעלן,
בין אַן אָפּשפּיגלונג פֿון אייך, באַשלעפּער פֿון באַרדעלן.
געדענקט ! דער מאָרגן אייערער ניט לענגער איז פֿון אייער בעכטן,
גערעכטיקייט וועל איך פֿאַרטיילן צו דעם רעכטן און דעם אומגערעכטן.

2

און פֿעדערן זאָלסט זיך בן אדם אידער גייציקייט דערוואַכט זיי פֿון דעם שלאָף,
און גנבענען, זאָלסטו גנבענען, אַ שעפּעלע פֿון זייער שאָף ;
און שעכטן זאָלסטו דאָס שעפּעלע, אַ שעכטונג ביי זיי אויף דער שוועל ;
און פֿון שפּייכלער זייערן אַרויסנעמען זאָלסטו אַ מעסטל מעל.

פאַרמיש דאָס בלוט און מעל, פאַרקנעט עס אין אַ טייג,
און אויפן הויף אַ בראַנד־פייער, פון צוויגן טרוקענע צעלייג.
און בראָטן זאָלסטו אַ געבראָטנס פון טייג און פון דער שאָף;
דער ריח פון געבראָטנס אויפוועקן וועט זיי פון שלאָף.
און באַפאַלן וועלן זיי בן אדם דיך מיט שטעקנס און מיט שטיינער,
ווי וועלף צערייצטע וואַרפן זיך אויף דיר מיט קללות, מיט פאַרקריצטע ציינער.
הענט און פויסטן איינגעקניפט, אויף דיר וועלן זיך הייבן,
ווי וואַגט אַ פשע, אונדזער האָב און גוטס צו רויבן;
אין ווייטיקן, מיט בלוטנדיקע וואונדן, שטיי אויף, בן אדם, און זאָג צו זיי אַזוי צוזאָגן:

אַ שעפּעלע האָב איך גערויבט, אָן רחמנות האָט איר מיך געשלאָגן,
האַרטהערציק געמאַכט האָט איך מיין אומרעכט, בלינד פון גייציקייט און טויב;
און אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט, אָט זעט, אָט זעט, אָן אָנזאַמלונג איז עס פון רויב.
פאַרוואָר — איר לאַנד־באַזיצער, דעם אורטייל אייערן האָט איר דורך מיר אויף זיך אַליין אַרויסגעבראַכט.
האָט גאָט גערעדט דורך מיר די רייד צו איך; פירכט זיין וואָרט, זיין מאַכט.
ווי ווילד גראָז האָט איר זיך צעוואַקסן, אויף פליינען ווייטע זיך געטאָן צעשפּרייטן;
אויסיעטן וועל איך דעם ווילד גראָז פון מיין גאָרטן, פאַרגלייכן מיט דער ערד די בייטן;
פאַרוואָר, — דער מאָרגן אייערער ניט לענגער איז פון אייער נעכטן;
מיט בראַך־שטול־ווייען, שרייט צו מיר דאָס אומרעכט פון דעם אומגערעכטן.

***

ווי קען איך, גאָט, אַלמעכטיקער, אין מיין שפּלקייט די זינדיקע צו דיר דערהייבן.
ווי וועלן זיי, גערעכטער גאָט, דורך מיינע ליפּן, דיינע ווערטער גלייבן?
אַ זינדיקער בין איך ווי זיי, מיט זייער שטראָף זאָלסטו מיר אויך באַשטראָפן,
אָנשטאָט דיין שליחות אויסצופאָלגן, בין איך אין מדבר גאָר אַנטלאָפן.

3

## (פון שמואל א')

בײ װעמען איך האָב קעמלען, אײזלען אָדער ציגן
שוחד פֿאַר אַן אומגעריכטן פּסק גענומען;
און בײ װעמען איך האָב אױסגענאַרט זײַן אָקס, זײַן פֿעלד דורך
ליגן,
זאָל פֿראַנק און פֿרײַ מיט איך זײַן באַשולדיקונג איצטער קומען.
און אױב מײַן קלײד מײַן שוד צו עמעצן פֿון איך באַלאַנגט;
גרײט בין איך עס גלײך צוריקצוקערן.
זעט — די שעה די לעצטע מײַנע לעשט זיך, לעשט און צאַנקט,
די אױגן טונקלען, און טױב, קײן קלאַנג ניט מער צו הערן.
שטײ איך איצט מײַן פֿאָלק פֿאַר אײַער משפּט גרײט,
און אױב פֿאַרזינדיקט, שטראָפֿט מיך מיט דער האַרבסטער
שטראָף אַצינד.
װאַרט ניט מיטן משפּט אײַערן ביז נאָך מײַן טױט,
לאָזט מיך בײַ מײַן לעבן אָפּקומען פֿאַר מײַנע זינד.
און אױב געשפּײַזט האָב איך זיך דורך באַטריג און רױבן,
און אין מײַן משפּט אונטערשײדט האָב איך פֿון האַר און קנעכט;
די הענט מיט שטײנער זאָלט איר אױף מיר הײבן,
און מײַן גוף ניט באַערדיקט װערן זאָל זיבן טעג און נעכט.

# תחינות לגנעשע בת דוד

(פאָלקסטימלעכע מאָטיוון)

1

## תחינה לכלה

מאַמע, אַ מאַמע, מזל־טוב בין איך געקומען דיר געבן.
איך בין שוין מיט מזל, געוואָרן פאַרקנסט.
און איידער איך בין, צו דיין קבר געקומען,
האָב איך דעם גאַנצענעם, טאָג היינט געפאַסט.
מי זיך פאַר מיר דאָרט, אַ מוטער אין הימל,
מי נאָכן טויט זיך, ווי דו וואָלסט ביים לעבן.
און זאָל אונדז דער בורא, מיר און מיין זיווג,
אַ לעבן, אַ גליקלעכן געבן.
און ליכט האָב איך זיבן, געשטעלט היינט נאָך דיר,
אַליין פאַרן עמוד, האָב איך זיי געצונדן,
און זע דאָרטן טאַמינקע, ליבע געטרייע,
דער בונד זאָל אויף אייביק, שוין בלייבן פאַרבונדן
און באַלד וועל איך ברענגען דער באָבען די בשורה;
האָבן זאָל זי דאָרט, אַ ליכטיק גן־עדן,
און בעטן וועל איך איר, זי זאָל זיך אויך מיען,
מיר זאָלן קיין מאָל ניט, שוין קיין מאָל ניט צעשיידן.
און אויב דו ווייסט זען דאָרט, ערגעץ דעם זיידן;
(ווייסט שוין אַליין וואו אים צו געפינען)
בעט אים, איך בעט דיר, ער זאָל זיך אויך מיען,
זיין שריד און פליט, זאָל ניט אַנטמיינען,
מי זיך, אַ מי זיך, מיין טייערע מאַמע,
צוגעזאָגט האָב איך, פאַר דיין נשמה,
מי נאָכן טויט זיך, ווי דו וואָלסט ביים לעבן,
וויפל איך קען נאָר, צדקה צו געבן;
און לייכטן, און שיינען, ווי טויזנטער ליכטער,

זאָל דיין נשמה, דאָרט אין גן־עדן,
ווי עס ווינטשט דיר דיין טאָכטער, גנעשע בת דוד,
וואָס טוט אויף דיין קבר, צו דיר איצטער ריידן.

2

## תחינה לקימפּעט

איך בעט ביי דיר מאַמע, דו זאָלסט מיר פאַרגעבן,
דערפאַר וואָס איך שטער דיר, אין קבר דיין רו,
איך ווייס ווי געמאַטערט, דו האָסט זיך ביים לעבן,
נאָר הער זיך, איך בעט דיר, מאַמעניו צו;
איך האָב אויסער דיר, ניט קיינעם דאָך אין לעבן,
פאַר וועמען איך זאָל, פון הארץ אָראָפּריידן.
קום איך צו דיר דאָ, באַוויינען מיין אומגליק,
און קום זיך אויך פרייען, מיט דיר מיינע פריידן.
איך דאַרף זיך באַלד מאַמעניו, ליגן אין קימפּעט,
און עס שרעקט זיך דאָס האַרץ, אין מיר אָן אַ שיעור.
ווען דו וואָלסט מיין מאַמעניו, איצטער געלעבט,
וואָלסט ביי מיין בעט דאָך, געוואַכט איבער מיר.
דו וואָלסט דאָך מיט ליבע, און צערטלעכע ווערטער,
מיט לאַסקעס, און מאַמעשען גליק מיר פאַרזאָרגן;
און דרייסט וואָלט איך דאַן, צום קימפּעט געגאַנגען,
און לייכט וואָלט איך דאַן, די ווייען פאַרטראָגן,
און עס וואָלטן מיר אויך מער, די שווערע חלומות,
פון קעץ און ניט־גוטע, ניט שרעקן.
און עס וואָלט פון מיין שלאָף, מיין מת אין תכריכים,
ווי איצטער — נאַכט איין און נאַכט אויס מיך ניט וועקן:
איך ווייס ניט צו וועל איך, מיין קימפּעט דערלעבן.
איך ווייס ניט צו וועל איך, געבוירן מיין קינד,
אפשר האָב איך זיך, מיט עפּעס פאַרזינדיקט,
צי אפשר פאַר עמעצן, אַנדערנס זינד,

ווען איינער פון אונדז, מיטן לעבן באַצאָלן,
צי איך — צי מיין קינד — און אפשר מיר ביידע,
פאַר זינד און עבירות, פון לאַנג שוין באַגאַנגען,
פון עפּעס אַן אור־אור־עלטער־זיידן.
צי וועל איך נאָך קומען, אַמאָל צו דיין קבר,
צי וועט מען אַ טויטע, מיר ברענגען צו דיר,
איך ווייס ניט, איך ווייס ניט, איך בעט דיך נאָר מאַמע,
מי זיך, אַ מי זיך, אין הימל פאַר מיר;
פאַר דיין נשמה, האָב איך — גנעשע דיין טאָכטער,
צדקה אַ פולע, איצטער געגעבן.
און בעט דאָרטן מאַמעניו, בעט דאָרט אין הימל,
מען זאָל אונדז דאָביידן, שענקען דעם לעבן.

3

## תחינה פאַר אַ קראַנק קינד

צו האָט זיך דיין קבר, מיט ריגלען און שלעסער,
פון מיר שוין אויף אייביק פאַרשלאָסן?
צו האָט עס דער טויט, דיין מוטער־ליבע,
אויף שטענדיק פון מיר אויסגעלאָשן?
און עס גרייכט מיין געבעט, דיין אויער ניט מער,
און עס רירט שוין דיין האַרץ, ניט מער מיין געוויין.
בין איך דען מאַמע, ניט בלוט פון דיין בלוט,
צו בין איך דען ניט, ביין פון דיין ביין?
צו זעסטו ניט מאַמע, ווי עס גוסט מיין קינד,
צו פילסטו ניט זאָג, זיין הילפלאָזן רוף?
זאָג מיר, אַ זאָג, צי בין איך פאַרשאָלטן,
צי שטעלט מען עס מיר, אַזוי אַ צום פּרואוו?

און שוואַך איז מיין תפילה די הימלען צו גרייכן,
אַ זינדיקע בין איך, איך פיל עס און ווייס,

דו, אָבער, מאַמע, אַ געלייטערטע ביסט שוין,
דיין זכות אין דעם הימל, איז אַזוי גרויס,
בעט דאָרט פאַר מיר דעם מלאך רפאל,
ברענגען זאָל ער, אַ רפואה מיין קינד,
איך האָב אים שוין מאַמע, אַזוי פיל געבעטן,
נאָר ווייסט דאָך — אַ מענטש איז באַלאָדן מיט זינד.
ווערן די תפילות, מיינע פאַרלאָרן,
אין ווייטן, אומענדלעכן רוים,
ווערן די טרערן, אויך מיינע פאַרשלונגען,
פון טיפן, און פינצטערן, תהום.
בעט איך דערפאַר דיר, דו זאָלסט זיך באַמיען,
זע אויך דעם זיידן, דעם קדוש פון ת״ח,
ווערסט אים צווישן צדיקים געפינען,
עס זיינען ניטאָ, ווי ער דאָרט אַ סך.
בעט אים די יאָרן, אַט די ניט דערלעבטע,
ער דאַרף זיי דאָך איצטער, מער שוין ניט האָבן,
דערלאָז ניט אַ מאַמע, מען זאָל דיר צופוסנס,
אַ קבר מיין קינד דאָ, חלילה, ניט גראָבן.

4

## תחינה נאָך קבורה

אַט האָסטו דיר מאַמע, מיט ליב דיר דיין גאַסט,
איך האָב דיר אַהער, מיין קינד איצט געבראַכט.
פאַרזינדיקט האָב איך זיך — איך זע איצטער איין,
מחשבות ניט גוטע — מסתמא געטראַכט
האָט מען דערפאַר, אַט אַזוי מיר באַשטראָפט; —
ווי האָסטו געזאָגט ? — אַ מענטש טאָר ניט קלערן;
וויינען ? — ווייגען דאָס מעג מען דאָך מאַמע,
מען האָט אויף דערויף דאָך, באַשאַפן די טרערן.

פֿאַרוואָס בין איך מאַמע, אַליין ניט געשטאָרבן,
אָט ליגסטו אַ יונגע אין קבר דאָ;
עס איז נאָר דאָס לעבן, וואָס ציילט איינעמס יאָרן,
ביים טויט איז פֿון יאָרן, קיין גרענעץ ניטאָ.
אָט איז מיין קינד — ערשט וואָס געבאָרן,
ער האָט מיט זיין פֿוס נאָך, די ערד ניט באַטראָטן,
דאָך האָט מען אים גלייך, ווי אַ גרייז אַלטן זקן,
מיט זאַמד, און מיט שטיינער, פֿאַרשאָטן,
ער האָט נאָך קיין זאַך, פֿון לעבן געזען,
מיין ברוסט נאָר מיין אייגענע, האָט ער געזויגן,
דאָך האָט מען אים פּונקט, ווי פֿאַרבלענדטן פֿון גליק,
מיט שערבלעך באַדעקט זיינע אויגן.
ער האָט נאָך מיין קינד, דאָך גאָר ניט געלעבט,
און שוין, ער האָט שוין פֿאַרענדיקט;
געבוירן — געשטאָרבן — איין שפּריז אַ ברייטן,
און שוין — ער ליגט שוין באַערדיקט.
כ׳וואָלט בעסער געווען אַן עקרה געבאָרן
וואָלט איך מיינע טעג, אין תחינות פֿאַרבראַכט,
איך וואָלט רק געבעטן, און וואָלט אַלץ געהאָפט,
פֿון די ניט געבוירענע, קינדער געטראַכט.
צו איז עס דער סדר, אַזאַ פֿון דער וועלט?...
אוי, טיף איז עס מאַמע, פֿאַר מיר ניט צו פֿאַרשטיין,
נאָר וואו זאָל איך איצטער, אַ מאַמע אָן קינדער,
וואוהין זאָל איך, מאַמעניו, זאָג, איצטער גיין?
שטייט דאָרט אין ווינקל, ליידיק מיין וויג,
אַ ליידיקע וועט זי, דער ווינט איצטער וויגן.
און טראַכטן וועל איך, פֿון מיין קינד אין תכריכים
ביז איך וועל אַליין, אין תכריכים שוין ליגן.

# וואָס געווען איז אַמאָל

איך האָב זיך, פֿאָטער, אויף אַ שטעלע שוין פֿאַרדונגען.
אָפּגעקלונגען —
האָב איך סאַלאָמאָנען אין קאָנטאָר:
— „פֿאָר —
זאָגט ער צו, צווישן איינס און צוויי.
אַזוי
איז בעסער זיך אַדורכצוריידן,
אָנטשיידן —
אַזוי, זאָגט ער, — קען מען אַזאַ זאַך ניט דורכן טעלעפֿאָן״.
איך האָב אַזוי געטאָן.
צווישן איינס און צוויי בין איך שוין אין קאָנטאָר געווען.
געזען
האָב איך דאָרט וואַרטן פֿילע יונגע לייט ווי איך,
אויף גיך
האָט איינער אונדז באַטראַכט, געפֿרעגט ביי יעדערן זיין נאָמען
סאַלאָמאָנען —
זאָג איך, — אָפּגעמאַכט האָב איך צו טרעפֿן אים אָט דאָ צווישן איינס און צוויי.

אַזוי! אַזוי!
און איך זוך דיך טאַקע שוין אַרום.
קום!
פֿאַרטיק וועל איך מיט זיי ווערן דאָ אויף גיך.
סאַלאָמאָן — אָט דאָס בין איך.

***

און דו ביסט סענטער — הייסט עס, מיין אַלטן פֿרייבדס אַ זון,
ניט געוואוסט דערפֿון
סענטער זאָל שוין האָבן אַזאַ זון אַ גרויסן,
וואַרט נאָר וועל איך הייסן,
מען זאָל דייך נאָמען גלייך פֿאַרשרייבן אויפֿן רייסטער.

— סענטער הייסט ער —
האָט ער צו עמעצן אַרייַנגעשריען דורך דער טיר
און צו מיר —
— איך בין אַמאָל דייַן טאַטנס בעסטער פרייַנד געווען.
ניט געזען
האָב איך אים — אַר־וואָ — שוין אַזויפיל יאָרן
אַלט געוואָרן ?

*
**

אַ שטראַלנדיקער האָט מייַן זון די בייס צו מיר געבראַכט.
געטראַכט האָב איך,
איך ווייס אַליין ניט וואָס ;
צי דאָס,
וואָס מייַן אילוזיע האָט די פליגלען זיך צענומען, —
אַז געפונען
ערגעץ האָט אַ מענטש זיך איינער,
אַט אַזויינער
וואָס האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די ווערדע פון מייַן קינד
אַצינד
וועל איך שוין וויסן וויפל מייַן קינד די ווערדע האָט אין געלט,
פאַר זיך און פאַר דער וועלט.

*
**

נאָכדעם — וואָס געוועזן איז געווען...
געזען
האָב איך נאָר דורכן פענצטער ווי מייַן זון גימנאַסטיק האָט געמאַכט.
און געטראַכט —
האָב איך ניט מער פון קינד וואָס האָט זיך איינגעשפּאַנט אין יאָך.
נאָר וויפל נאָך,
אַ מענטש אַזאַ אין מייַנע יאָרן,
האָט די ווערדע אין דאָלאַרן.

# דאָס קעצעלע

מאַמע, מאַמע טייערע,
אַן אומגליק האָט געטראָפן,
עס איז פון מיר מיין קעצעלע
ערגעץ־וואו אַנטלאָפן.
איך האָב זי שוין געזוכט
און קען זי ניט געפינען,
איך ווייס גאָרניט אַוואו
זי האָט געקענט אַנטרינען.
איך האָב זיך נאָכגעפרעגט,
מען האָט זי ניט געזען,
צי איז מיט איר חלילה
אַן אומגליק געשען?

מאַמע, מאַמע, האַרציקע,
איך בין אַזוי באַטריבט,
איך האָב דאָך דאָס קעצעלע
זייער שטאַרק געליבט.

*
**

וויין ניט, וויין ניט טאָכטערל,
וואָס קען מען דערצו מאַכן.
עס וועלן נאָך די מיידעלעך
אין דרויסן פון דיר לאַכן.
איך וועל דיר אַ קעצעלע
אַ הילצערנע איצט קויפן,
וועט זי מער פון דיר מיין קינד
שוין קיינמאָל ניט אַנטלויפן.

# בע, בע, בער

עס איז אַ בער אַמאָל פון וואַלד
אין מיטן נאַכט אַנטלאָפן.
עס איז נאָך דאָן דער אַלטער וואַלד,
אין טיפסטן שלאָף געשלאָפן.
אַ הונגעריקער און אַ מידער
איז צו אַ הויז דער בער געקומען.
און פון הונגער, און פון מידקייט,
בעטן זיך האָט ער גענומען:
— עפנט אויף די טיר, איך בעט אייך,
פאַר אַן אורח פון דער ווייטן.
איך וועל דערפאַר אַ שיינע מעשה
אייך דערציילן פון פאַרצייטן.
קיינער האָט אים ניט געענטפערט.
אַ הונט נאָר האָט זיך וואו צעבולן
און צו דער טיר האָט ער געהערט
ווי עס רוקן זיך די שטולן.
און דורך אַ שפּעלטל זעט דער בער,
ווי קינדער שפּילן זיך און לאַכן.
קערן איבער זיך די פּעלצלעך,
און הייבן אים אָן נאָכצומאַכן.
ס'פאַרשטעלט זיך בערל פאַר אַ בער
און הייבט אָן וועלוועלען צו שרעקן:
בע, בע, בע, בע, איך בין אַ בער;
פאַרמעסט זיך וועלוול מיט אַ שטעקן.
הייבט זיך בערל אָן צו בעטן
ביי דעם ייִנגל מיטן שטעקן,
און זאָגט אים צו אויף זיין נאמנות,
אַז ער וועט אים מער ניט שרעקן.
און פאַרטרויט אים אויפן אויער,
(אַזוי, דער בער זאָל אויך דערהערן)

וואו עס שטייט אַ גרויסער בינשטאָק,
און וואו קיינער וועט ניט שטערן.
— עס און עס דעם האָניק, ברודער,
וויפל נאָר דיין האַרץ געלוסט,
עס האָט קיין בער פון אָט דעם בינשטאָק
ביז איצט קיין מאָל נאָך ניט געוואוסט.
און האָניק איז עס, ברודער וועלוול,
האָסט אַזוינעם ניט געגעסן.
פאַרזוכסט פון אים נאָר אַ קליין ביסל,
וועסט אָן הונגער גלייך פאַרגעסן.
טראַכט דער בער, און טראַכט, און טראַכט.
אַזוי, — אַזוי — איך וואַלד געווען
און האָב ביז איצטער אָט דעם בינשטאָק,
מיט דעם האָניק ניט געזען.
איך האָב נאָך קיינמאָל — אַזוי טראַכט ער —
אַזאַ האָניק ניט געגעסן.
פון איך לעק — הערסט אַ מעשה ? —
און אָן הונגער גלייך פאַרגעסן.
און צום וואַלד צוריק צום אַלטן,
הייבט דער בער זיך אָן צו יאָגן.
ווי אויף פליגל וואַלט אַ ווינטער
איך דער לופטן אים געטראָגן.
און איך הויז די קליינע קינדער
שפּילן זיך און לאַכן.
און דעם בערלס שנעל אַנטלויפן
הייבן זיי אָן נאָכצומאַכן.

# לופט באַלאָן

חיים, דוד, הערשל, שלמה
אַהערצו שנעלער לויפט,
עס האָט דער טאַטע מיר
אַ לופט־באַלאָן געקויפט:
האַלט נאָר הערשל צו דאָס שטריקל,
וועל איך אים אָנבלאָזן,
און מיר אַלע קינדער וועלן,
אין דער לופט זיך לאָזן.
רופן וועלן אונדז די מאַמעס;
מירן זיי ניט הערן,
ווייט — העט ווייט וועלן מיר גאָר זיין,
ערגעץ ביי די שטערן.
און פליען וועלן מיר, פליען,
העכער אַלץ און העכער.
פון די הייזער זען נאָר קענען
וועלן מיר די דעכער.
פעלדער, וועלדער, אַלץ פאַרשוואונדן;
וואו מיר בערג און גריבער.
פייגל פליען נאָר אַרום אונדז,
יאָגן מיר זיי איבער.
האַלט נאָר האַלט, דאָס שטריקל, הערשל,
לאָז ניט אָפ נאָר ברודער.
וועסט ביים שרויף דערפאַר מיר זיצן,
און איך — ביי דעם רודער.

# קוקעריקו

קוקעריקו, קוקעריקו, קוקעריקו שטאָלצער האָן.
עס האָט די הון, עס האָט די הון
אַ שלעפּ געטאָן.
קוקעריקו, קוקעריקו, גיב אַ שטאַרקן קריי.
עס האָט די הון, עס האָט די הון
געלייגט אַ פרישע איי.
קוקעריקו, קוקעריקו, גיי אַרום און זוך.
עס האָט די הון, עס האָט די הון
באַהאַלטן אין קאַטוך.
קוקעריקו, קוקעריקו, וואָס האָסטו זיך דערשראָקן ?
עס איז די הון, עס איז די הון,
פאַרגאַנגען זיך אין קוואָקן,
קוקעריקו, קוקעריקו, אויף די העכסטע טענער
עס בריט די הון, עס בריט די הון,
יונגע דרייסטע הענער.
קוקעריקו, קוקעריקו, וועלן זיך צעקרייען.
און זיי וועלן, און זיי וועלן,
אַלעמען דערפרייען.
קוקעריקו, קוקעריקו, די נאַכט וועט זיך דערשרעקן
און זיי וועלן, און זיי וועלן,
אַ טאָג, אַ נייעם וועקן.

# ל י צ י ט אַ צ י ע ס

אַ ליציטאַטאָר, אָט דאָס אָ בין איך,
צירונג, זיידענס, מאַנטלען, שיך.
איר קענט ביי מיר פון אַלצדינג קריגן
אַלע סאָרטן סחורות ליגן.

אָטאָ איז אַ רינג אַ שיינער
עס האָט אויף אים געאַרבעט איינער,
זיבן שעה,
און אָט, אָ, דאָ,
ביי דעם וואַרשטאַט האָט ער זיבן שעה פון זיין לעבן
אָפּגעגעבן.
און דעם רינג געמאַכט,
געאַרבעט און געטראַכט,
געאַרבעט און געטראַכט,
און פון אַ שטיק מעטאַל אַרויסגעבראַכט.

אַ באַפּוצונג פאַר דיין לייב.
פאַר דיין מעטרעסע, צי דיין ווייב,
וויפל, זאָג, וואָלסטו געגעבן,
ווען דו קענסט דיין אייגן לעבן
פאַרלענגערן אויף זיבן שעה ?
און אָט אָ דאָ
פאַרקויף איך מענטשן שעהן ביליק,
פאַר אַ טאָלער, פאַר אַ שילינג.

# מ אַ ס ק ע ס

.1

מאַסקעס, מאַסקעס ווער וויל זיך מאַסקירן.
ליצעטירן
וועל איך מאַסקעס אין פאַרשיידענע געשטאַלטן.
אויסבאַהאַלטן —
ווי אַ שטראַוס אין זיינע פליגלען, דו קענסט אין דער מאַסקע דיין געוויסן.
און ניט וויסן וועט
קיין בן אדם, אַז די מאַסקע אויף דיין פנים איז אַ שווץ.
אַ פוץ
פאַר דער וועלט, און פאַר דער שפיגל דעם געשטאַלט דיין אייגענעם פאַרבאָרגן,
פאַרזאָרגן
זאָלסטו זיך מיט מאַסקעס צוויי צו דריי,
און שריי
פאַרמאַסקירטערהייט אויף דעם אומרעכט פון מאַסקירן.
און דערשפירן
וועסט ווי די מאַסקע דיינע וועט צו וויטקייטן און הויכן דיך דערהויבן און דערטראָגן.

נאָר פאַרזאָרגן
זאָלסט זיך מיט מאַסקעס אַלערליי.
און דעם געשריי
פון דיין אייגענעם געוויסן וועט קיין בן־אדם ניט דערהערן.
אין די טרערן
אונטער דער לאַכנדיקער מאַסקע דיינע אויב זיי וועלן רינען, רינען;
געפינען
וועסט פאַר זיך אַ טרייסט, אַז דו ביסט נאָר פאַרמאַסקירט.
פאַרפירט
זיינען זיי — ניט דו, געוואָרן פון אַ מאַסקע אַרויפגעצויגן.
די אויגן
פון נאַראָנים צו פאַרבלענדן און פאַרפירן.
ווייס איך אַליין נאָר ווי צו מאַסקירן.

.2

מײנע דאַמען,
מײנע הערן,
איך בעט איר זאָלט
געדולדיק הערן:
זיבן לאַנגע
שװערע שעה,
האָב איך אַלײן
אָט אַ דאָ,
מײנע מאַסקעס
ליצעטירט,
אַרומגעשטױבט,
אַרומגעצירט,
באַלױכטן זײ,
מיט העלן ליכט.
מײן געזיכט
באַפּוצט מיט אײנער.
געװענדט זיך דאָ,
געװענדט זיך דאָרט,
באַר פּאַרקױפן —
ניט פון אָרט.
איך שנײד דעם פּרײז
און רוף און שרײ,
פֿאַר אַ שילינג
מאַסקעס דרײ.
פֿאַר אַ דאָלאַר
גאַנצע צען,
אַזױנס האָב איך
נאָך ניט געזען.
שעהן גײען,
שעהן לױפן, —
קײן אײן מאַסקע

צו פאַרקויפן.
וואָס דער סוף איז
ווילט איר וויסן ?
איך האָב ביז איינער
זיי צעריסן,
ווייל מענטשן ווערן
פון כמה יאָרן
פאַרמאַסקירטערהייט
געבאָרן.

## איך האָב בילדער

איך האָב בילדער
צום פאַרקויפן.
זעט פייזאַזשן
ווי זיי לויפן,
וועלטן, מענטשן,
בערג און טאָלן,
פון דעם לעבן
קלאָר געמאָלן.
ליכט און שאָטן
ליכט און שאָטן,
אין די בילדער
שטאַרק פאַרטראָטן,
הויכע פעלדזן,
טיפע תהומען,
גרויסע ריזן,
און אַטאָמען ;
ליכט און שאָטן
ליכט און שאָטן
בערן, לייבן

מייז און קראַטן.
און וואו ליכט איז
העל און ליכטיק,
דופטיק זוניק
קלאָר און ציכטיק,
פרייד און לוקסוס
אויף די וועגן,
גלייך אַ טייך
פון אַלע ברעגן,
וואַלט מיט אימפּעט
זיך צעפּלאָסן,
און מיט הויפנס
גליק געגאָסן.
נאָר וואו שאָטן
ציט און שפּרייט זיך,
בויט דער אומגליק
דאָרט זיין נעסט זיך,
צרות, דחקות,
נויט און זאָרגן,
אימת מות
פאַרן מאָרגן.
לעבנדיק דעם
לעבן פלוכן,
אַ דערלייזונג
אין טויט זוכן.
ליכט און שאָטן,
ליכט און שאָטן,
אין די בילדער
שטאַרק פאַרטראָטן,
פרייד און אומעט,
מאַכט און צער,
ליבע, האַס,

קנעכט און האַר,
בערג און טאָלן
בערג, און טאָלן,
אַליין דאָס לעבן
האָט געמאָלן,
ווי אַ קינסטלער
ווי אַ מאַלער.
קויפט עס, קויפט עס
נאָר איין דאָלאַר.

## אָט אַזוי

צי איך מיר און צי די דראַטווע,
צי זי אָט אַזוי.
צי זי אָט אַזוי.
גייט אַוועק אַ יאָר אַ גאַנצער,
גייען אַוועק צוויי,
גייען אַוועק צוויי.

און איך צי און צי די דראַטווע,
צי זי אַלץ געטריי.
צי זי אַלץ געטריי.
און די יונגע יאָרן מיינע,
גייען מיר פאַרביי.
גייען מיר פאַרביי.

און איך צי די דראַטווע מיינע,
צי זי אָן אַן עק.
צי זי אָן אַן עק.
און דער גאַנצער לעבן איז מיר·
אָט אַזוי אַוועק.
אָט אַזוי אַוועק.

# מיין באָרד און וואָנצעס

עס איז מיר גוט, עס איז מיר וואויל
איך האָב לאַנגע וואָנצעס.
האָב איך וואָס צו דרייען.
און ווען עס קען דאָס לעבן מיך,
מיט קיין זאַך דערפרייען.
דריי איך זיי אַזוי
פריי איך זיך מיט זיי.

עס איז מיר גוט, עס איז מיר וואויל,
איך האָב אַ גרויסע באָרד
האָב איך וואָס צו קייען.
און ווען איך קען זיך פון מיין אומעט,
מער שוין ניט באַפרייען,
קיי איך זי אַזוי,
דערפריי איך זיך אַזוי.

עס איז מיר גוט, עס איז מיר וואויל
איך האָב אַ באָרד מיט וואָנצעס,
האָב איך וואָס צו גלעטן.
און ווען עס קען דאָס לעבן מיר,
מיט זיין פרייד ניט זעטן,
גלעט איך זיי אַזוי,
טרייסט איך זיך מיט זיי.

נאָר ווען הערדריקט פון טיפן אומעט
זאָל איך זיי אָפּשערן,
אָן מיין באָרד און אָן די וואָנצעס,
וואָס וועט פון מיר ווערן ?
גרויס איך זיך מיט זיי
גרויס זיך אָט אַזוי.

# רב חיים קייקעווער

## (פּאָעמע)

אַ שאָלעכץ, אַן אויסגעליידיקטער פון קער.
אַ שאַרבן, אַ שטרויכלונג און אַ שטער.
אַ שאָטן פון געווען.
אַן אָנדייטונג פון וואָס עס וועט געשען.
צעקרימטע לענד און קנאָכן.
אויסגעצערט, איינגעהויקערט און צעבראָכן.
בלעטערט ער זיין לעצטן בלאַט, אַהער, אַהין.
און זוכט אין אָפּלעבן אַ זין.
אַ פאַרגיטיקונג פון ליידן נאָכן טויט,
צו שטאַרבן איז ער לאַנג שוין גרייט.
דאָס לעבן, ווייס ער, איז אַ ליכט וואָס ברענט זיך אויס.
אַ קוואַל וואָס שטראָמט, און שעפּט זיך אויס.
דער מענטש — אַ שטויב, אַ בלאָז;
אַ וויאַנענדיקער בלאַט, אַ וועלקנדיקער גראָז.
די טעג זיינען אים געציילט.
אין יאָרן און חדשים איינגעטיילט.
און ווי אין פעלד דער זאַנג, וואָס ווערט פון שניטערס האַנט פאַרשניטן,
אַזוי ווערט פון טויט, אויך קיינער ניט פאַרמיטן.
און ווי ביים אָנהייב נאַרט, אַ נייער טאָג איז גרייט;
אַ ניי לעבן קומט אויך נאָכן טויט.
עס לאָקט אים ניט דאָס לעבן, דער טויט טוט אים ניט באַנג.
פאַרלאָזענע די ספרים, נאָר שטייען אין דער שראַנק.
אין זיין אַלקער ווינקל, שטייען זיי פאַררוקט.
לאַנג האָט ער אין זיי, שוין ניט אַריינגעקוקט.
בעלמעס האָבן אים, בלינד געמאַכט די אויגן.
און אויף די ספרים האָט אַ שטויב, ווי בעלמעס זיך פאַרצויגן.
ציט צום ספר זיך זיין האַנט.
בלינדע פינגער, בלעטערן אַ באַנד.
ער נעמט אַ צווייטן בלעטערן, אַ דריטן.
און עס מישט אַ דף זיך אויף פון מיטן.
ער דערקענט דעם פרק: „שור שנגח את הפרה”...

און דער, דערקענט ער, איז „מסתמא עבודה זרה״...
און אָט די „מסכתא בבא בתרא״.
געהאַט חלוקי־דעות אין אַ סוגיא, מיטן מרא דאתרא.
געווען אַ ייד אַ חריף, נאָר אַן איינגעשפּאַרטער.
ווי אַ לולב אַן אויסגעצויגענער, אַן אויסגעדאַרטער.
ער שטייט פאַר אים נאָך איצטער פאַר די אויגן,
געמוזט אָבער האָט ער זיך פאַר אים בייגן.
ציען הענט זיך צו די ספרים, וויקלען פון די ספרים זיך זכרונות.
פון סוגיות, בקיאות, חריפות, גאונות.
זיפצט ער — און שטעלט זיי זיפצנדיק צוריק אין שראַנק אַריין.
און טראַכט; — אַלטע ספרים זיינען, ווי אַלטער וויין:
נאָר ניט קיין נזיר איז ער פון דעם ווייַן דערווייטערט.
עס האָט די בלינדקייט אים, ווי נאַכט דעם טאָג געלייטערט.
ציען זיך הענט צו די ספרים, דערפרישן די ספרים זכרונות.
מישן זיך נעכטנס מיט מאָרגנס, רעגן און צינדן רעיונות.
— ווי קורץ איז דער נעכטן. ווי לאַנג איז דער היינט.
דער מאָרגן דיר אַ שונא? אָדער איז ער דיר אַ פריינד?
טראָגט ער פרייד? — טראָגט אַ שנאה באַהאַלטן?
און ווייסטן, וואָס טויג דיר דיין וויסן? קענסט דאָך אים סיי־ווי־סיי ניט פאַרהאַלטן.
און קלערסטו, וואָס טויג דיר דאָס קלערן?
עס וועט דיר קלערער פון טראַכטן ניט ווערן.
און אַזוי, דערווייל לעבסטו אויס דיינע יאָרן,
צו ביינציק — גלייך דו ביסט ערשט נעכטן געבאָרן:
קענסט מעסטן דעם ים; קענסט ציילן די שטערן;
דעם סוד פון לעבן וועסטו ניט דערקלערן...
און טיפסט זיך אַריין — וועסטו זיך צו גאָר נישט דערטיפן.
דאָס לעבן — אַ ים, די מענטשן — הילפלאָזע שיפן.
דיין מזל — אַ כוואַליע, אַראָפּ און אַרויף.
זינקסטו — פאַרשלונגען פון ים ווערט דיין רוף.

ציען זיך הענט צו די ספרים, דערפרישן די ספרים זכרונות.
מישן זיך נעכטנס מיט מאָרגנס, רעגן און צינדן רעיונות.

פאַרגלייכט ער זיין היינט צו דעם נעכטן, זיין נעכטן צו טעג פון אַמאָל;
טרוקענע בלעטער, געבלאָזן פון ווינטן אין טאָל.
אַ שאָטן, קיין פּרצוף, הויט נאָר און ביין.
קיין גואל, קיין קרוב, איינער אַליין.
אַן אָפּקלאַנג פון עפּעס אַ חלום אַזאַ, אויפן וואָר.
אַ שריד ופליט, פון עפּעס אַ לאַנג שוין פאַרגאַנגענעם דור.

# ירושה

(באַלאַדע)

וואו נאָר פון אומגליק איז עמעץ געטראָפן,
אַ טרייסט האָט ר׳ געצל געבראַכט.
ער האָט איבער אים מיט צערטלעכע ווערטער,
מיט ליבע אין האַרצן געוואַכט.

אָפּגעהיט האָט ער אלמנות, יתומים,
זיי זאָלן פון קיינעם באַוואָלהט ניט ווערן.
געזאָרגט זיך פאַר עלנדע, אָרעמע כלות,
זיי זאָלן ביז גרויקייט פאַרזעסן ניט ווערן.

אָנגעזאָגט האָט ער די בעלי־עגלות
אונטער אַ משא דעם פערד ניט צו יאָגן.
דעם פויער אין פעלד ביי דעם אַקער,
אין סאָכע דעם אָקס ניט צו שלאָגן.

און פרום און גאָטספאָרכטיק געווען איז ר׳ געצל,
דער ערשטער צום מנין, דער לעצטער פון שוהל.
געוועקט האָט ער ליבע פון מענטשן צו מענטשן.
אין, און אין אויסער זיין גבול.

נאָר אײן מאָל ס'איז זיך דער מנין דער ערשטער צעגאַנגען.
דער צװײטער שױן אױך זיך דאַװענען געשטעלט.
נאָר װאו איז ר' געצל? װאָס איז מיט ר' געצלען?
ער האָט דאָך קײנמאָל ניט קײן מנין פאַרפעלט.

עס אײלן זיך ײדן אַרױס פון דער שוהל,
און לאָזן זיך גײן צו ר' געצלען אין שטיבל.
„ר' געצל, ר' געצל" — קלאַפּט אײנער אין לאָדן,
ר' געצל, ניט האָט קײן פאַריבל!

מיר זײנען ניט שטערן אין לערנען געקומען,
מען װאַרט דאָך אױף אײך מיטן מנין;
נאָר װאָס איז דאָס, װאָס, צי הערט ניט ר' געצל,
צי איז ער פאַרטיפט אין אַן ענין?!

צי איז ער פאַרטיפט אַזױ אין דעם לערנען,
און האָט זיך אַן דאַװענען פאַרגעסן?
און האָט זיך אין עולמות־העליונים
ביז נאָך די מניבים פאַרגעסן?

צי אפשר אַ גזר איז בגזר געװאָרן
מיט זיך ר' געצל דעם גזר צו צעשטערן.
פאַרטיפט פאַרן כסא־הכבוד אין תפילות
קען ער דעם רופן ניט הערן?

צי אפשר אַן אָרעמע יולדת אין אַנגסטן
גוססט אין װײען און קען ניט געװינען,
אַ זכות בײ די אָבות, אַ בײשטאַנד,
דאַרף ער פאַר איר דאָך געפינען?

צי אפשר אַ חיה אין װײטיקן שטומען
פאַרװאָרלאָז אין הײלן פאַרבאָרגן;

איז אויב ניט ר׳ געצל, איז ווער ווי ר׳ געצל,
וועט זיך פאַר אַלעמען זאָרגן ?

שושקען זיך יידן אין שטילן געמורמל.
שפּרייטן זיך אַ פּחד פון יענער זייט וואַנט.
בלאָנדזשען אום בליקן אין ספקות,
ציטערט אַ מאַכטלאָזע האַנט.

רעדט מען בלחש עס זאָל אים ניט שטערן,
אין דביקות קיין מענטשישע שטים; —
איז ניט ר׳ געצל געקומען צום מנין,
זאָל קומען דער מנין צו אים.

מיט טיפער כוונה מען דאַוונט בצבור;
טליתים און ציצית געפלאַטערט פון ווינט.
אַ קדושה, אַ ברכו, אַ קדיש, אַ תפילה
צעטראָגט זיך אין רוים און פאַרשווינדט.

נאָר וואו איז ר׳ געצל, וואָס איז מיט ר׳ געצלען ?
קיינער וואַגט ניט צו פרעגן.
אין האַרצן פאַרבאָרגן ביי יעדן באַזונדער,
הייבט אָן זיך אַן אימה צו רעגן.

ר׳ געצל, ר׳ געצל, דער אַנשפּאַר, דער אַנהאַלט
צי איז מיט אים ניט חלילה . . .
אין איילעניש טוען זיך אויס די טליתים,
בחפזון פאַרענדיקט פון שחרית די תפילה.

און הענט איבער הענט, פינגער ווי האַקנס,
ברעכן און רייסן די לאָדן.
און אונטער איעדערנס פוס ווי אַן אָפּגרונט,
זינקען די קני אין דעם באָדן.

דער לעמפּל פון חצות אויפן מיטן פון טיש,
צאַנקט, צאַנקט און דערברענט.
נאָר שאָטנס ווי פליגלען פון צאַנקנדן לעמפּל
פליטערן, פלאַטערן איבער די ווענט.

און ר׳ געצל — וואו איז ר׳ געצל?
פלאַטערן הערצער אין ציטער.
עפּעס אַן אומגליק — עפּעס אַ צרה!
אַן אימה באַדריקט די געמיטער.

און עס קנייטשן זיך אַקסלען, פּליצעס געבויגן,
גלידער ווי וויאַנע גראָזן.
ווי שעפּסן אַ הורדע אין שווערן געוויטער
פון היטער פון פירער פאַרלאָזן.

און געשמיסן ר׳ געצלען, געפּייניקט,
געמאַטערט פאַרוואָס און פאַר ווען?
און ווי זיך אַליין ביים אַלטאַר געשמיסן,
האָט זיך איעדער דערזען.

אַ פאַרגליווערטע שטילקייט אין אַלטן בית־מדרש.
צו הערן אַ בלאָט פון ווינטן געבלאָזן.
און פון ווינקל פון פאָליש קרוע, בלוע
האָט זיך דער פרוש צום באַלעמער געלאָזן.

אַ קלאַפּ אָן דעם טיש מיט אַ ציטער אין קול,
אָנגעהויבן האָט ער צו רופן, צו שרייען:
„יידן, וואָס שטייט איר, יידן, וואָס שוויגט איר,
צום קלויסטער, צום גלח, ר׳ געצלען באַפרייען.

ניט וואַרט ביז דער סוויענטאַר וועט זיך צעקלינגען
יידן לאָמיר זיך אַלע געבן אַ נעם,

פאַר ר׳ געצלען, פאַר קהל, אל תירא עבדי יעקב,
יידן, אויף קידוש השם, אויף קידוש השם״.

***

דומפּיקע קלאַנגען פון וואַגיקע גלעקער
האָט זיך פון סוויענטאַר צעטראָגן,
און אויף די פאַרוואָרלאָזטע יידן אין שוהל
אַן אימה גענומען זיך יאָגן.

אַ יאָמער, שערי שמים צו שפּאַלטן
מיט קלאַנגען פון גלעקער באַגלייט.
זכרונות פון ת״ח און ת״ט פראלן אויף;
פון אַכזריות און גרויזאַמען טויט.

און אויפן באַלעמער דער פּרוש
וועקט, רופט און שרייט,
— „ר׳ געצלען, יידן, ר׳ געצלען!
ר׳ געצלען פון קלויסטער באַפרייט!״

דעם פּרוש׳ס ווערטער ווערן פאַרשלונגען
דורך קולות פון אייגענעם צער.
דאָס אייגענע לעבן איז אויף משקולת,
דאָס אייגענע לעבן שטייט אין געפאַר.

ווייטיקט איעדער באַזונדער זיך פיין,
קלאַפּט מען אַליין זיך קאָפּ אָן דער וואַנט,
זאָגט יעדער אָפּ אַליין מיט זיך ווידוי;
פאַלט מאַכטלאָז ביי יעדן זיין אייגענע האַנט.

און קיינער ווייס ניט ווי און פון וואַנען
און צי וועט פון ערגעץ אַ ישועה ווען קומען.

די קללה געירשנט פון אַמאַליקע גלעקער;
דורך דורות ניט אויפגעהערט צו קלינגען, צו ברומען . . .

דער זעלביקער קלאַנג מיט העכערע טענער
אויף ברייטערע שטחים צעשפּרייט,
דעם אַלטן האַס מיט פרישע כוחות
פאַר דורות נייע צוגעגרייט . . .

און ביטאָ ווער זאָל וועקן, זאָל טרייסטן,
אַ קול אין דעם מדבר דאַס שרייען;
צופּיצל בן אדם די לוחות, אויף שטיקער צעבראָכן.
פון לא תרצח וויל זיך די וועלט ניט באַפרייען . . .

## דו, אָדער איך...

דו, אָדער איך, —
ווער נאָכגיין פאַרזונקען אין טרויער,
אַ הינטער אַ מיטה מיט שוואַרצן באַדעקט, —
דו, אָדער איך,
ווער ווי אַ ווערבע פערזאומערט זיך בויגן,
איבער אַ קבר גרייט צו פערשלינגען, —
מיך, אָדער דיך.
דו, אָדער איך,
ווער ווי אַ האַרבסטיק בלאַט ביי די פּלויטן,
וואָגלען פערראָבלט צווישן די קינדער.
וואָגלען פערראָבלט צווישן די קינדער.
דו, אָדער איך,
ווער ווי אַ נשרף, צווישן די חורבות,
זוכן ביי די קינדער אַן אָנבליק, וואָס זאָל דערמאָנען, —
מיך, אָדער דיך.

# ביים שפּין־ראָד

## דראַמאַטישע פּאָעמע

מיידל
רויט בערדיקער
שוואַרץ בערדיקער
געל בערדיקער
גרוי בערדיקער

אַ גאָרטן מיט אַ פּאַרקאַן אַרום. אין פּאַרקאַן אַ טויער האַלב אָפן, פירט צום וועג, וועלכער ציט זיך האַרט ביים גאָרטן, אַ הויז צום הינטערגרונט, אַ ביסל רעכטס, די בינע העל באַלויכטן, אַ בוים דאָ און דאָרט אויף יענער זייט וועג. די גראָז, דער גאָרטן און ביימער, אין אַ מאַט גרינעם קאָליר.

מיידל זיצט אויפן גאַניק פון הויז שפּינט און זינגט. די ליכט בשעתן זינגען ווערט לאַנגזאַם שוואַכער ביז עס נעמט אָן דעם טאָן פון דעמערונג.

### דאָס ליד

זיבן גערטנער האָב איך געזייט
זיבן יאָר האָב איך זיי געהיט.
נאָר מיין ליבסטער, און מיין שענסטער,
קומען קומט צו מיר אַלץ ניט.
און מיט ריגלען און מיט צאַמען.
האָב איך זיי אַרומגעצאַמט.
נאָר מיין ליבסטער, און מיין שענסטער,
האָט זיך ערגעץ וואו פאַרזאַמט.

און צעבראָכן האָט אַ שטורעם,
מיינע גערטנער אין איין שעה.

און מיין ליבסטער, און מיין שענסטער
איז נאָך אַלץ, נאָך אַלץ ניטאָ.

וואו־זשע זיינען מיינע גערטנער,
וואָס איך האָב אַזוי געהיט?
וואו־זשע ביסטו, זאָג געליבטער,
פאַרוואָס קומסטו צו מיר שוין ניט?

דרימלט איין. די שפינדל פאַלט איר פון האַנט אַרויס, און די צווייטע האַנט אירע מיט אַ הויפן פלאַקס פאַלט איר אין שויס אַריין.

## ערשטע וויזיע

רויט בערדיקער דערשיינט דורך דער האַלב אָפענער טיר און בלייבט שטיין אַנטקעגן דער מיידל.

**רויט בערדיקער:**

אָט־אָ בין איך, אָט־אָ בין איך,
איך האָב דיין בענקעניש פאַרנומען,
און אויף דיין רוף בין איך צו דיר,
פון ווייטסטן לאַנד געקומען.

דאָס ליכט ווערט העלער. מיידל מיט האַלב געשלאָסענע אויגן און מיט לאַנגזאַמע טריט ווי פון שלאָף דערנענט זיך צו אים.

**מיידל:**

ווער ביסטו — זאָג ווער ביסטו?
פרעמד אין מיר דיין גאַנג, דיין בליק.

**רויט בערדיקער:**

אין דיין מיידלשאַפט האָסטו געבענקט.
נאָך צערטלעכקייט און גליק.

האָב איך פון ווייטן לאַנד,
דיר פרייד און גליק געבראַכט.

**מיידל:**

(מאַכט אַ שריט נעענטער צו אים):

ניט נאָך דיר האָב איך געבענקט,
ניט פון דיר האָב איך געטראַכט,
צו דיין לאַנד און צו דיין שטאַם,
איך דיין טראַט צוריק.
און ווי ביז איצט, וועל איך ווייטער,
חלומען פון גליק.

**רויט בערדיקער:**

אין זונענדיקע טעג,
אין שווערע שטונדן פון דער נאַכט,
אין אומעט און אין פרייד,
האָסטו פון מיר געטראַכט.

און אין מיין ווייטן לאַנד,
האָב איך דיין צער פאַרנומען.
דערפרייען און באַגליקן דיך,
בין איך צו דיר געקומען.

**מיידל:**

(מאַכט אַ שריט נעענטער צו אים):

איך ווייס ניט צי דו נאַרסט,
צי דו ביסט מיין באַשערטער,
איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט,
אַט אַזוינע ווערטער.

טו רייד, און רייד, און רייד צו מיר,
עס איז מיר גוט צו הערן. —

רויט בערדיקער:

ווי בריליאַנטן אין דער זון,
שײַנען דײַנע טרערן.
ניט די צײַט איז איצט פון טרויער,
איז עס פון פרייד אַזאַ געוויין?
אָט זע — ווי איבער אונז דער הימל,
אַזאַ איז אויך מײַן ליבע ריין.

ניט באַטריגן האָט געפירט,
מײַן ווײַטער וועג צו דיר,
אַ חופּה־קלייד אָט־זע, אָט־זע,
נאָך דינער פון עפיר.

און אַ רינג פון רײַנסטן גאָלד.
מקדש דיך צו זײַן. —

מיידל:

איך וואָלט געוואָלט די ווערטער דײַנע
רײַנער זאָל פון אמת זײַן.

ווערטער שאַרפערע פון פײַלן,
קענען מיר אין האַרץ ניט גרייכן,
דאַרפסט זיך לאָזן מיר דערקענען,
דורך אַן אַנדער צייכן.

רויט בערדיקער:

דאָס טעלערל פון הימל,
אויב עס וועט דיר נאָר געפעלן.
מײַן בלוט אין גאָלד פאַרוואַנדלען,
אויב דו וועסט נאָר וועלן.

מיידל:

פאַרפעלט האָסטו דעם צייכן מיר,

דעם ריכטיקן צו געבן,
אין מיין איינזאַמקייט וועל איך,
ווי ביז איצט אויך ווייטער לעבן.

און דו, פּרעמדער, אייל דיין טראַט,
צו דיין לאַנד און שטאַם צוריק,
ערגעץ אַנדערש אויף דיין וועג,
געפינען וועסטו דיין גליק.
(עפנט ברייט דעם טויער און לאָזט אים דורך).

רויט בערדיקער אָפּ. מיידל זעצט זיך צוריק אויפן גאַניק.

**מיידל:**
וואו־זשע זיינען מיינע גערטנער,
וואָס איך האָב אַזוי געהיט?
וואו־זשע, ביסטו? זאָג געליבטער,
פאַרוואָס קומסטו צו מיר שוין ניט?

## צווייטע וויזיע

שוואַרץ בערדיקער דערשיינט מיט שטורעם, אָנגעלאָדן מיט קאָלירנדע קליידער, אין שמוק זאַכן.

**שוואַרץ בערדיקער:**
וועגן ווייטע האָבן מיר געפירט צו דיר,
לענדער, ימען, האָבן ניט געקענט פון דיר מיין וועג פאַרצאַמען.
און דורך שטורעמדיקע טעג, דורך וואָלקן, בליץ און רעגן
געאיילט האָב איך צו דיר דיין רוף ניט צו פאַרזאַמען,
און אָט־זע, וואָס איך האָב דיר פון ווייטן לאַנד געבראַכט.
זייד און צירונג קאָסטנס גאַנצע דיר דיין שיינקייט צו באַשיינען,
און פאַר די פילע טעג פון וואַרטן און פון בענקען,
וועל איך מיט ליבע דיך באַלוינען.
גיט איר די מתנה, מיידל פוצט זיך, לויפט אַרום איבער דער בינע טאַנצנדיק, מאַכנדיק פאַרשיידענע באַוועגונגען און פּאָזעס.

מיידל:

זייד און צירונג, זייד און צירונג,
זעט ווי שיין, אָ, זעט ווי שיין,
מיט דעם זייד און מיט די צירונג
פוצן וועל איך זיך אַליין.

פאַרן שפּיגל, אָט אַזוי, און אָט אַזוי,
און מיין שלעפּע ביז דער ערד זאָל פאַלן —
און די צירונג — סאַראַ צירונג,
סאַראַ גלימערן און שטראַלן.

ענדערט דעם טאָן:

נאָר וואָס האָסטו נאָך געבראַכט?
זאָג מיר, זאָג מיר גיכער,
איינער איז עס פון די צייכנס,
אַ צווייטן וויל איך צו זיין זיכער.

שוואַרץ בערדיקער:

אַ פּאַלאַץ וועל איך פאַר דיר בויען,
פון דעם ריינסטן מירמלשטיין,
ווענט באַהאַנגענע מיט שפּיגל,
און דעם דיל פון עלפאַנט ביין.

דריי מאָל זיבן פערד געשפּאַנטע,
וועלן דיך צום פּאַלאַץ פירן,
אין זייער האָסט וועלן זיי קוים,
מיט די פיס, די ערד באַרירן.

און איידער זעסט זיך נאָר אַרום,
זיינען מיר שוין וויט אַוועק,
מענטשן שטייען, קוקן, גאַפן,
אויגן רייסן זיך פון שרעק.

ס'אַראַ לויפן, ס'אַראַ יאָגן, —
מ'זעט קיין פערד, מ'הערט נאָר פאָרן,
אַ ווירבל טראָגט זיך אין דער לופטן,
און אַ קלאַפּן פון רעסאָרן.

**מיידל:**

און וואָס נאָך? און וואָס נאָך?
זאָג מיר, זאָג מיר גיכער,
אַ צווייטער איז עס פון די צייכנס, —
אַ דריטן ווי איך צו זיין זיכער.

**שוואַרץ בערדיקער:**

נאָך? נאָך? וואָס ווילסטו נאָך?
זאָג מיר, מיידל, זאָג
אָפּגעגעבן האָב איך דיר,
שוין אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

*מיידל טוט פון זיך אויס די קליידער און צירונג, און וואַרפט עס אָן אַ זייט.*

**מיידל:**

זייד און צירונג, זייד און צירונג,
איך האָב אַזוי נאָך אייך געגאַרט,
געמיינט האָב איך אַז איר זייט גליק,
איך זע — איך האָב זיך נאָר גענאַרט.

עס שיינט דער דימענט אין זיין שימער,
אין בלויקייט טונקט זיך דער סאַפּיר;
נעם עס, פרעמדער, נעם עס, נעם עס,
זעסט זיי פּאַסן ניט פאַר מיר.

און ווי דער ערשטער האָסטו אויך,
דעם צייכן ניט געגעבן.

אין מיין איינזאַמקייט וועל איך,
ווי ביז איצט, אויך ווייטער לעבן.

*עפנט פאַר אים דעם טויער און לאָזט אים דורך.*

ניט זייד איז דער צייכן,
ניט גאָלד איז דער שפּרוך,
אַנדערש וואו, פרעמדער,
דיין מזל גיי זוך.

*שוואַרץ בערדיקער אָפּ. מיידל זעצט זיך צוריק אויפן גאַניק.*

**מיידל:**

און צעבראָכן האָט אַ שטורעם,
מיינע גערטנער אין איין שעה,
און מיין ליבסטער, און מיין שוועסטער
איז נאָך אַלץ, נאָך אַלץ ניטאָ.

## דריטע וויזיט

*געל בערדיקער דערשיינט מיט זיכערע טריט, קעניגלעך אָנגעטאָן מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ.*

**געל בערדיקער:**

אַ ליכטיקער, אַ שיינענדער האָט דער מאָרגן היינט,
אַריינגעקוקט אין פענצטער,
עס וועט דיין טאָג וואָס קומט איצט אָן
פון אַלע זיין דער שענסטער.

און ווי דער טאָג אַזוי וועט שיינען,
פון איצטער אָן דיין לעבן,
מיין קעניגרייך פון זיבן לענדער,
וועל איך דיר אָפּגעבן.

און מיט מיין קרוין וועל איך דיך,
פאַר מיין כלה קרוינען.

**מיידל:**

פאַרוואָס, פאַרוואָס זאָלסטו מיך קעניג
מיט דיין קרוין באַלוינען?
פאַרבלענדט האָט דיך דער גלאַנץ פון טאָג;
עס וואַרט אויף דיר וואו אַ פרינצעסין,
צי האָסטו אין דעם רייץ פון ליכט,
דעם וועג צו איר פאַרגעסן?

**געל בערדיקער:**

ניט רייד, ניט רייד אַזוינע ווערטער,
ניט פאַרבלענדט בין איך פון טאָג,
ניט מיין קעניגרייך און אוצרות,
און דאָס גאָלד וואָס איך פאַרמאָג,
האָט אַמאָל מיך ווען פאַרבלענדט,
און מיט זייער גלאַנץ גענאַרט,
דיך, נאָר דיך האָב איך פון אייביק,
און פון אַלעמאָל געגאַרט

און איצטער זע, אָט זע, אַ קעניג,
וואַרט און קניט דאָ ביי דיין שוועל.
עס שטייט די וועלט געשפּאַנט אין אומרו,
אויף מיין וואונטש און מיין באַפעל.
דייך קנעכט בין איך און ניט קיין הערשער
דו נאָר, איינע, קענסט באַפעלן,
און וועל אויף אייביק דיין קנעכט בלייבן,
אויב דו וועסט אַזוי נאָר וועלן,
הויב דיין אויג אויף צו די וועגן,
ביז עס קען דיין בליק דיך גרייכן,
איבער פעלדער, איבער וועלדער,

איבער בערגיקע הויכן.
דינער, דינסטן, שקלאַפן, שקלאַפינס,
קומען דיך צו באַדינען.

**מיידל:**

ניט אין הערשן און באַצווינגען
קען איך גליק געפינען.

און ווי דער גלאַנץ פון גאָלד פאַרפירט,
אַזוי פאַרפירן דאָך אויך ווערטער,
קענסטו מיר אַ צייכן געבן
אַז דו ביסט מיר מיין באַשערטער?

**געל בערדיקער:**

אַלע מיינע אוצרות, שקלאַפן,
האָב איך דיר געבראַכט
אָפּגעגעבן האָב איך דיר מיין קעניגרייך
און אַליין האָב איך זיך פאַר דיין שקלאַף געמאַכט.
איז וואָסער אַנדער צייכן קען איך דיר גאָר געבן,
אַז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, ליגט צו דיינע פיס?

**מיידל:**

עס פאַרזיסט דעם האָניק ניט
פון בין דער שאַרפסטער ביס.
און ווי דער ערשטער, און דער צווייטער,
האָסטו דעם צייכן ניט געגעבן.
און מיין איינזאַמקייט וועל איך
ווי ביז איצט אויך ווייטער לעבן.

עפנט דעם טויער און לאָזט אים דורך.

ניט אין הערשן און באַצווינגען,
ניט אין קרוינען און רובינען,

ניט אין זיי, אָ ניט, אין זיי,
קען איך מיין גליק געפינען.

געל בערדיקער אָפּ.

מיידל :

און מיט ריגלען און מיט צאַמען,
האָב איך זיי אַרומגעצאַמט.
נאָר מיין ליבסטער און מיין שענסטער
האָט זיך ערגעץ וואו פאַרזאַמט.

## פערטע וויזיע

מיידל :

(קוקט זיך אַרום) :

נאָר אָט, אָ, זע, אָט קומט נאָך איינער
אויסגעדאַרט און אויסגעבלייכט.
צי האָט אים, אין זיך אומרו ערגעץ,
פון מיין ליד דער קלאַנג דערגרייכט ?
און אָט, אָ, איז ער — וייטער, פרעמדער
זאָל דיין פוס, מיין שוועל באַטרעטן.

גרוי בערדיקער דערשיינט מיט לאַנגזאַמען טראָט.

גרוי בערדיקער :

איך האָב דיר ווייניק וואָס צו געבן,
און וויל ביי דיר אויך גאָרנישט בעטן.
עס האָט דיין אומעט אין מיין האַרצן
מיינע ווייטיקן צעגומען.
און וואו אומגליק בין איך דאָרטן.
איז אָט בין איך צו דיר געקומען.

אַלעמען האָב איך געזען,
האָסטו פון זיך פאַרטריבן.
אַליין מיט זיך ביסטו דאָך איצט,
אויף אַלעמאָל פאַרבליבן.

טו זאָלן דיר די יאָרן דיינע,
אין שטילער רו פאַרגיין.
און ביי דיין שוועל דאָ ווי אַ שומר,
בלייב איך אַזוי שטיין.

מיידל:

ווער ביסטו! זאָג ווער ביסטו?
גיי — אָ גיי פון מיר אַוועק.
דיין גרויער בליק און אויסזען,
וואַרפט אויף מיר אַ שרעק.

גרוי בערדיקער:

איך בין גליק און אומגליק,
אלץ בין איך פאַר דיר,
זוך דיין גליק ניט ערגעץ אַנדערש,
ועסט געפינען אים אין מיר.

מיידל:

(אין שרעק וואַרפט זיך ווי אין אַן אומרואיקן שלאָף).

מיידל:

ווער ביסטו, זאָג, וואָס האָסט זיך דאָ
אויף מיין שוועל געשטעלט?

גרוי בערדיקער:

איך בין גרויער קעניג,
און וואַנדער אויף דער וועלט.

פון אייביקייטן ציט זיך,
ביז אייביקייט מיין וועג,
און וואַנדערנדיק קלייב איך,
די אָפּגעלעבטע טעג.

איך וועב פון טעג, פון נעכטיקע,
אַ גרויאינקן געוועב.
די וועלט אין גרויען איינצוהילן,
שטרעב איך אַלץ און שטרעב,
און האָסטו מיך ביז איצט,
נאָך קיינמאָל ניט דערפילט ?
ווייל עס האָט די יוגנט,
מיט דיר, ביז איצט געשפּילט.

נאָר אָפּט האָסטו געטראַכט פון מיר
פלעכטנדיק דיין צאָפּ.
דערפאַר נעם איך פון דיינע האָר,
אַ הויפן גאָלד אַראָפּ.

טוט עס נאָך.

און אַ האָר אַ גרויאינקן
ווי זילבער אַזוי ווייס,
אַליין, אַליין, שיין מיידעלע,
פון באָרד פון מיינער רייס.

דעם ערשטן האָר דעם גרויאינקן,
פלעכט זיך אין די לאָקן איין,
און זאָל די ערשטע גרויע האָר,
דיר מיין מתנה זיין.

מיידל ווי אין היפּנאָז דערנעענט זיך צו אים, און רייסט אַ האָר פון
זיין באָרד אַרויס.

מיידל:

דיין מתנה, אַלטער,
מיט ליבע נעם איך אָן,
עס האָט אַ קעניג מיר,
צוגעזאָגט זיין טראָן.
פּאַלאַצן, האָט אַ צווייטער,
פון מירמלשטיין געבויט,
דעם ערשטן אין זיין ליבע,
האָב איך ניט געטרויט.
נאָר דיין מתנה נעם איך.
זי איז מיר זייער ליב,
אויב דו האָסט אַ צווייטע,
גוטער אַלטער, גיב.

גרוי בערדיקער:

נאַ דיר אויך מיין שטעקן,
אַן אויסגעדאַרטער דאָרן,
וועסט אים מיידל דאַרפן
אויף די אַלטע יאָרן.

און אַ הייפל פלאַקס,
אַ שפינדל אויך צו שפינען,
דיין אייגן פאָדעם שפּינענדיק
וועסטו דיין גליק געפינען.

לאָזט זיך פון טויער ארויס.

מיידל:

גיי ניט, גיי ניט אַלטער!

גרוי בערדיקער:

איך קען דאָ מער ניט שטיין,
אַ טרייסט אַ צווייטער ברענגען,

מוז איך איצטער גיין.

גרוי בערדיקער אָפּ.

## פּ אַ ו ז ע

מיידל בלייבט אַליין, גייט מיט לאַנגזאַמע טריט ווי אין שלאָף און זעצט זיך צוריק אויפן גאַניק.

**מיידל:**

וי ער איז געקומען, אַזוי איז ער אַוועק.

שלאָפט איין און כאַפּט זיך באַלד אויף, לאָזט זיך צום טויער אין אַ העכערן טאָן.

אַלטער, אַלטער, גוטער אַלטער, לאָז מיך ניט אַליין,
ביי מיין שוועל האָסטו געזאָגט,
בלייבסטו אייביק שטיין.

קוקט זי אַרום אין אַלע זייטן, זוכט אין וויטן רוים, קערט זיך צוריק מיט לאַנגזאַמע טריט און זעצט זיך אויפן זעלביקן אָרט.

איך ווייס ניט וואו איך זאָל אים זוכן,
איך ווייס ניט וואו אים צו געפינען,

דערזעט דעם פלאַקס אין איר האַנט אין שטאַרקער באַוועגונג.

דער פלאַקס — דער פלאַקס, — און אָט איז אויך די שפּינדל,
וועל איך מיין פאָדעם שפּינען.

שפּינט און זינגט אין דער זעלביקער טעמפּאָ ווי אין אָנהייב.

זיבן גערטנער האָב איך געזייט,
זיבן יאָר האָב איך זיי געהיט,
נאָר מיין ליבסטער און מיין שענסטער
קומען קומט צו מיר אַלץ ניט.

פאַרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

# חד גדיה

## שפיל

### אין איין אַקט, פּראָלאָג און עפּילאָג

### עס נעמען אָנטייל:

קלאָון, דירעקטאָר, פויער, פּאָטער, ציג, קאָץ, הונט, שטעקן, פייער, וואַסער, אָקס, שוחט, מלאך המות, גאָלד, ווייסנשאַפט, קונסט, ליבע, אייפערזוכט, נימפן, פעך־שוועבל, פלאַקער, פלאַם, פונקען און שלוחים פון טויט.

## פּראָלאָג

(דער פאָרהאַנג איז אַרונטערגעלאָזן, דער זאַל באַלויכטן)

**קלאָון** (הינטערן פאָרהאַנג): חיים, זרח, שלמה, — וואו, צום טייוול זייט איר? מירל, כאַשע, סאַניע, ציפּקע, — וואו, איך גאָטס נאָמען, זייט איר אויסגע־רונען? (ערשיינט אויף דער זייט פאָרהאַנג) חיים, זרח, שפּרינצע, מירל, וואו זייט איר? (צום פּובליקום) האָט אימעצער פון אייך געזען די אַקטיאָרן?

**איינער פון פּובליקום**: נו, געזען געוויס, — שוין פילע מאָל געזען.

**קלאָון**: נאָר ניט געשפּאַסט, — אויף דעם בין איך דאָ.

**איינער פון פּובליקום**: דערפאַר זיינען מיר דאָך געקומען.

**קלאָון**: אָבער די אַקטיאָרן, — וואו, צום טייוול, זיינען די אַקטיאָרן? — האָבן זיך, ווי עס ווייזט אויס, אויף אַן אמתן פאַרברוגזט, און זיינען טאַקע ניט געקומען.

**איינער פון פּובליקום**: אַ קלאָון ווי דו, באַדאַרף ניט קיין אַקטיאָרן.

**קלאָון**: באַדאַרפן באַדאַרף איך זיי ניט, אָבער די קאָמעדיע, איר פאַר־שטייט — די קאָמעדיע באַדאַרף זיי.

**איינער פון פובליקום**: (אויפשטעלנדיק זיך, ווענדט זיך צום פובליקום). איז ווי עס ווייזט אויס, זיינען מיר היינט געקומען פאַר גאַרנישט. קומט, לאָמיר גיין (איניקע פון פובליקום הייבן זיך אויף).

**קלאון**: די גאַנצע וועלט איז היינט קעגן מיר. די אַקטיאָרן האָבן זיך פאַרברוגזט און האָבן זיך אָנטזאָגט מיטצושפּילן, און דאָס פּובליקום זע איך רעוואָלטירט אויך. די לאַגע, מיינע טייערע, איז ערנסטער ווי איך האָב געמיינט. צוליב אייך האָב איך זיך מיט מיינע אַקטיאָרן צעריסן, גלויבנדיק אַז מיט אייך בין איך זיכער, און ווען עס וועט קומען צו אַ קריזיס, — האָב איך געמיינט, וועט איר מיך ניט פאַרלאָזן, און אַט דער קריזיס איז געקומען, אַלע ווי איינע, האָבן זיך די אַקטיאָרן אָנטזאָגט מיטצושפּילן, און זיינען צו דער פאַר־שטעלונג ניט געקומען. דער דירעקטאָר איז מאַכטלאָז, און איר, מיין פובליקום, ווילט מיך אויך פאַרלאָזן?

**איינער פון פובליקום** (צו זיין שכן): ער ציט בלויז אָן דעם עולם.

**נאָך איינער**: שטערט אים ניט, ער שפּילט גוט, אויסגעצייכנט, בראַוואָ, בראַוואָ!

**נאָך איינער**: מיר קענען דיך, מיר קענען דיך, גיי אָן, צו עפּעס צילסטו דאָך.

(דירעקטאָר דערשיינט).

**דירעקטאָר**: זיי האָבן זיך קאַטעגאָריש אָנטזאָגט. זיי ווילן ניט קומען.

**איינער פון פובליקום**: הייסט דאָך דאָס אויף צו ב׳אמתן.

**נאָך איינער**: און איך האָב געמיינט...

**אַ צווייטער**: אַ קלאון — היינט גיי ווייס — ווען ער וויינט, איז דאָך אויך צום לאַכן.

**קלאון** (צום דירעקטאָר): זיי ווילן ניט האַ — הינט — אַט וואָס זיי זיינען — הינט, איר פאַרשטייט, הינט זיינען זיי. גייט און זאָגט זיי, אין מיין נאָמען קענט איר עס זיי זאָגן, און מיט הינט, זאָגט זיי, וויל איך ניט שפּילן — זאָגט זיי, אַז איך וועל ניט שפּילן מיט זיי, אַט וואָס.

**דירעקטאָר**: איז מיט וועמען דען?

**קלאון**: אָן זיי, אָן זיי.

**דירעקטאָר**: אָן זיי?

**קלאון**: אָן זיי! און איר קענט זיי איינלאַדן, און זאָלן זיי זען ווי מען שפּילט טעאַטער אָן אַקטיאָרן. (צום פובליקום) מירן שפּילן היינט אָן אַקטיאָרן.

**איינער פון פובליקום:** דאָס וואָס איך זאָג דאָך, אַ קלאָון ווי דו, באַדאַרף ניט קיין אַקטיאָרן.

**דירעקטאָר:** אָן אַקטיאָרן? ווי איז דאָס עפּעס, ווי? איך פאַרשטיי ניט.

**קלאָון:** ווי זאָגט ער דאָרטן — דאַרויף בין איך דאָך אַ קלאָון. — גייט און לאַדט זיי איין, און מירן זיך דערווייַלע צוגרייטן צו דער שפּיל (דירעקטאָר אָפּ) הייסט עס מייַנע טייערע, שפּילן מיר היינט אַליין.

**איינער פון פובליקום:** וואָס מיינסטו אַליין?

**קלאָון:** אַליין, אַליין, ממש אַליין, פאַרשטייט — מירן שפּילן אַליין. אַט וואָס איך מיין. אַליין, אָן אַקטיאָרן.

**איינער פון פובליקום:** ווי איז דאָס עפּעס, ווי? איך פאַרשטייט? איך ניט.

**נאָך איינער:** וואָס איז צו פאַרשטיין, — פאַרקערט, איך בין נאָך צופרידן.

**נאָך איינער:** און איך בין אויך צופרידן.

**אַ דריטער:** אויב איר זייט צופרידן בין איך אויך צופרידן, אָבער מיר האָבן דאָך קיינמאָל ניט געשפּילט.

**קלאָון:** ווי זאָגט ער דאָרטן, — דאַרויף בין איך דאָך אַ קלאָון.

**איינער פון פובליקום:** נו, גוט, איך בין פאַרטיק, אָבער וואָס וועלן מיר שפּילן?

**נאָך איינער:** יע, טאַקע וואָס וועלן מיר שפּילן?

**קלאָון:** וואָס וועלן מיר שפּילן? — זעט איר אויף דעם האָב איך זיך גאָר ניט פאַרטראַכט, — און וואָס זאָגט איר זאָלן מיר שפּילן?

**איינער פון פובליקום:** לאָמיר שפּילן „פּלגש בגבעה".

**אַ צווייטער:** די שלאַנג אין גן־עדן, לאָמיר שפּילן „די שלאַנג אין גן־עדן."

**אַ דריטער:** „דער פּרינץ פון יהודה" און „די טעכטער פון ישראל" זיינען שיינע שפּילן.

**אַ פערטער:** לאָמיר בעסער שפּילן „חד־גדיא."

**קלאָון:** והאָרט, אָט באַשליסן מיר, — ווער איז פאַר דער „פּלגש"? — מיינע ליבע דאַמען, מען דאַרף האָבן אַ פּלגש, איז ווער פון אייך וויל שפּילן די ראָליע פון דער פּלגש? וואָס, קיינער ניט? און אָן אַ פּלגש קען מען ניט שפּילן „פּלגש בגבעה." ווער פון אייך וויל שפּילן „די שלאַנג אין גן־עדן", — דאָס איז אויך אַ פּרויען ראָליע, — מיינע ליבע דאַמען, ווער פון אייך וויל

שפּילן אַ ראָליע פון דער שלאַנג, מאַכט עס אַביסל שנעלער, באַלד קומען אונ־דזערע געסט, איך מיין די אַקטיאָרן, און מיר זיינען נאָך גאָר ניט צוגעגרייט צו דער פאָרשטעלונג, — הייסט עס, קיינער ניט. נו, און אַז דער שלאַנג פאַרשטייט זיך קען מען ניט שפּילן, ווייל וואָס טויג אונדז דער גן־עדן אָן אַ שלאַנג? ווועלן מיר שפּילן „דער פּרינץ פון יהודה” און „די טעכטער פון ישראל.” ווער וויל שפּילן דעם פּרינץ?

אַ געמיש פון שטימען: איך, איך. זעט נאָר, זעט נאָר ווער עס וויל זיין אַ פּרינץ. סמאַרקאַטש, וויש זיך בעסער אָפּ די נאָז.

קלאָון: צופיל פּרינצן דאָס טויג ניט, מיר דאַרפן בלויז האָבן איין און איינציקן פּרינץ. און דאָ זע איך האָבן מיר פּרינצן, אַז עס כאַפּט אָן אַ שרעק.

איינער פון פּובליקום: איך זאָג איך, לאָמיר בעסער שפּילן „חד־גדיה.”

קלאָון: הייסט עס, זיינען מיר געצוואונגען צו שפּילן „חד־גדיה”: ווי עס איז דער גאַנצער וועלט באַוואוסט, נאַמען אָנטייל אין „חד־גדיה”: אַ טאַטע, וועלכער קויפט אַ ציג, אַ פויער, וועלכער פאַרקויפט אַ ציג, די ציג אַליין, וועלכע לאָזט זיך קויפן און פאַרקויפן, און נאָכדעם לאָזט זי זיך הרגענען, אַ קאַץ וועלכע הרגט די ציג, אַ הונט וועלכער דערשטיקט די קאַץ, אַ שטעקן וואָס דאַרף שלאָגן דעם הונט, פייער וואָס דאַרף פאַרברענען דעם שטעקן, וואַסער וואָס דאַרף אויסלעשן דעם פייער, אַן אָקס וואָס באַדאַרף ערשטנס אויסטרינקען דאָס וואַסער, און נאָכדעם באַדאַרף ער זיך לאָזן שעכטן פונם שוחט, אַ שוחט וואָס באַדאַרף שעכטן דעם אָקס, און נאָכדעם לאָזן זיך שטאַרבן, און אַזוי ווייטער און ווייטער. (קומט צו נענטער צום פּובליקום) דו, דאָרטן, קום נאָר אַהער, ביקן, ניט דיך מיין איך, אָן יענעם מיט די העלע האָר. יע דיך, דיך. קוקסט מיר אויס ווי אַ פויער מיט דיינע ווייסע האָר, וועסט פאַסן פאַר דער ראָליע. אַהער אויף דער בינע. (דער יונג קומט אַרויף אויף דער בינע. דער קלאון באַטראַכט אים) ווי אָנגעמאָסטן, אַן אמתער פויער (און שטופּט אים אריין אַ הינטערן פאָרהאַנג) העי, דו דאָרטן וואָס שפּרינגסטו אַזוי אַרום, קום נאָר אַהער, וועסט זיין אַ גוטע ציג. נאָר לעבעדיק, לעבעדיק, אַ שפּרונג אַהער, אַ שפּרונג אַהין און אויף דער בינע. (די מויד קומט אַרויף) און איצטער מיין טייערינקע, גיי אַהין, וועט מען דיר אָנטאָן אַ פּאָר הערנער, אַ בערדעלע, און ביז מירן דאָ פאַרטיק ווערן מיט די איבעריקע, לערן זיך זאָגן מע, מע, (שטופּט דאָס מיידל אַריין אַ הינטערן פאָרהאַנג). וואָס באַלעקסטו זיך דאָרט און קוקסט אויף מיר אַזוי? ווילסט זיין די קאַץ? נו גוט, נאָר מירן זען צי דו

קענסט. אַ קאַץ פֿאַרשטייסטו מיך, איז אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע באַשעפֿעניש. קום נאָר אַרויף און מיר וועלן דיך פֿאַרהערן. (די מיידל קומט אַרויף אויף דער בינע) זאָג נאָר מיר, קעצעלע מיינע, — מיאו, מיאו.

**מיידל** (אַביסל צעשראָקן): מיע, מיע.

**קלאָון**: ניין, מיין טייערינקע! אין אונדזער שפּיל באַדאַרפֿן מיר ניט קיין קעלבער. אַרונטער, דו דאָרטן מיט דער צוקערקע אין מויל, — אַ נאַשערן זע איך ביזטו, צי דו וועסט קענען שפּילן פֿאַר דער קאַץ וועלן מיר זען (אַ צווייטע מיידל קומט אַרויף) זאָג: מיאו, מיאו.

**מיידל**: (קאָקעטיש, קאַצן־מעסיק): מיאו, מיאו.

**קלאָון**: נאָר אַ פּאָר וואָנצעלאַך און אַן אָנשטענדיקן עק, זיינען מיר פֿאַרטיק מיט דיר (שטופּט איר אַריין אַהינטערן פֿאָרהאַנג). האָבן מיר, הייסט עס, די ציג און די קאַץ. איצטער באַדאַרפֿן מיר — העי, דו דאָרטן מיט די רויטע האָר, ווי רופֿט מען דיך. וועסט זיין אַן אויסגעצייכנטער הונט. קום נאָר אַהער, אָבער ווי סטאַטיק פֿאַרטשעפּע זיך ניט מיט קיינעם (דער ראָליסט טרעט אויף און קלאָון שטופּט אים אַריין אַהינטערן פֿאָרהאַנג) און דאָ צו דער לינקער זייט ביים אָרקעסטער זע איך אַ יונג, אַ ברען, וועסט שפּילן פֿאַרן פייער.

(ראָליסט שפּרינגט אַרויף אויף דער בינע און פֿאַרשווינדט אַהינטער די קוליסן). איצטער באַדאַרפֿן מיר אימעצן פֿאַר וואַסער.

**איינער פֿון פּובליקום**: נעם זי. זי שווימט ווי אַ פֿיש.

**קלאָון**: אויב אַזוי וועט זי גוט זיין פֿאַר וואַסער. נאָר זע מיין טייערינקע מיר זאָלן מיט דיר טרוקן ניט אָפּשניידן (די מיידל שלייכט זיך אַרויף אויף דער בינע און פֿאַרשווינדט אַהינטערן פֿאָרהאַנג) מיר באַדאַרפֿן איינעם פֿאַרן שטעקן.

**איינער פֿון פּובליקום**: איך, איך וועל שפּילן פֿאַרן שטעקן.

**אַ צווייטער**: אויף שלאָגן זיך — דאַן לאָזט מיך.

**דריטער**: איך גיב דיר באַלד אַ פּלעם, וועסטו שוין וויסן ווער עס קען זיך שלאָגן.

**צווייטער**: ביז דו וועסט מיר געבן איין פּלעם וועסטו שוין קריגן צען (און פֿאַנגט אים אָן שלאָגן).

**קלאָון** (צום צווייטן): ביזט דער ריכטיקער טאַלאַנט, אַהער, מיט דיר האָבן מיר זיך ניט גענאַרט. (דער ראָליסט גייט אַרויף אויף דער בינע און פֿאַרשווינדט הינטערן פֿאָרהאַנג) איצטער דאַרפֿן מיר נאָך אַן אָקס, אַ שוחט און אַ מלאך המות. פֿאַרן מלאך המות, וועל איך שפּילן, איך האָב דערפֿאַרונג

אין דער ראָל. פאַרן שוחט וועלן מיר בעמען, וועמען זאָלן מיר בעמען? נו, לאָמיר בעמען דיך. (דער בחור דערשיינט און פאַרשווינדט הינטערן פאָרהאַנג) אָקס? קיינער, זע איך, רופט זיך ניט אָפּ. צום לעצטן מאָל, ווער וויל זיין אַן אָקס? קיינער זע איך רופט זיך ניט אָפּ. צום לעצטן מאָל, ווער וויל זיין אַן אָקס? אַלזאָ, קיינער ניט. און אַן אַן אָקס קען מען דאָך ניט שפּילן. וואָס־זשע טוט מען? (פאַרטראַכט זיך) איך האָב אַ פּלאַן. קען מען ניט קריגן קיין אָקס וועלן מיר זיך צופרידנשטעלן מיט אַ קו, ווי געפעלט אייך דער פּלאַן? (אַפּלאָדיסמענטן) עס געפעלט אייך. האַ? איז ווער, זאָגט מיר, וויל זיין אַ קו? נו שוין אַמאָל, מאַכט עס שנעלער. ווער וויל זיין אַ קו? וואָס איז דאָס, קיינער ניט? קיינער וויל קיין קו ניט זיין? נו, וועט מען מוזן אָדער אינגאַנצן אויפגעבן די שפּיל אָדער אַרויסלאָזן זיך צווישן דער סטאַדע צושויער און פאַנגען אימעצן פאַר די הערנער און אַרויפשלעפּן אויף דער בינע. איז אַזוי ווי אויפגעבן די שפּיל קענען מיר ניט. מיר האָבן דאָך איינגעלאַדן געסט. וועל איך זיין געצוואונגען. — היט זיך, איך גיי. (שפּרינגט אַרונטער פון דער בינע לויפט אַרום צווישן די צושויער כאַפּט אַ בחור, פאַרשווינדט הינטערן פאָרהאַנג) איצטער איז אונדזער פּערסאָנאַל פאַרפולט. נאָר וואַרט, וואַרט אַ ווײַלע. איך האָב גאָר פאַרגעסן — אַ טאַטן. ווער פון אייך מיינע דאַמען און הערן קען זיין אַ טאַטע? ווער, פרעג איך, קען פון אייך זיין אַ טאַטע? קיינער ניט? נו, וועל איך שוין אַליין זיין, אי דער טאַטע, אי דער מלאך המות.

**פּויער** (הינטער דער סצענע): אַ ציגעלע, אַ ציגעלע צום פאַרקויפן. ווער וויל קויפן אַ ציגעלע (קומט אַרויס אויף דער סצענע) אַ ציגעלע, אַ ציגעלע צום פאַרקויפן, ווער וויל קויפן אַ ציגעלע?

**קלאָון**: וואָס פּירסטו דאָרטן אַזוינס, וואָס?

**פּויער**: אַ ציג, אַ ציגעלע, עס צום פאַרקויפן געבראַכט.

**קלאָון** (באַטראַכט עס): קוקט אויס ווי אַ מאַריניריטער הערינג. איז עס טאַקע אַ ציג?

**פּויער**: יע, אַ ציג, אַן אמתדיקע ציג.

**קלאָון**: איז וואָס ווילסטו פאַר דעם, ווי דו רופסט עס אמתדיקע ציג?

**פּויער** (טראַכט): האַ? וויפיל איך וויל? איך וויל, ביין און ניינציק גילדן.

**קלאָון**: לאַכט—כאַ, כאַ, כאַ, (צום פּובליקום) העלפט לאַכן. כאַ, כאַ, כאַ. ניין און ניינציק גילדן פאַר אַזאַ דאַר ציגעלע! הערי, דו פּויער, דו האָסט זיך פאַרגעסן אַרומצוביינדן זי.

**פויער:** אַרומבינדן, צו וואָס עפּעס אַרומבינדן?

**קלאָון:** זעסט דען ניט? אירע ביינער צעפאַלן דאָך (לאַכט) נאַ דיר אַ גילדן און דו וועסט זיך פאַרשפּאָרן די טרחה.

**פויער:** אַ גילדן פאַר אַזאַ ציגעלע. ס'איז דאָך אַזאַ וואויל ציגעלע. ווען איך האָב זי פון שטאַל אַרויסגעפירט האָט זי געמאַכט מע, ווי איינער וואָלט געזאָגט: פיר מיך ניט, פאַרקויף מיך ניט. און געקוקט האָט זי אויף מיר מיט אַזעלכע אויגן, מיט אַזעלכע אויגן אַזש — אָט אַ דאָ — איר הערט, — אָט אַ דאָ האָט מיר אַזש אַ צופּ געטאָן. אַ באַשעפעניש דאַכט זיך, און ממש, להבדיל, ווי אַ קינד. — טפו זאָל עס ווערן!

**קלאָון:** אַזוי גאָר, מע, האָט זי געמאַכט. פאַרשטייסט האַ, מע האָט זי געמאַכט, איז זי טאַקע אַ וואויל ציגעלע, אויב אַזוי נאַ דיר אַ גילדן און אַ האַלבן און זיי מצליח.

**פויער:** אַ גילדן און אַ האַלבן, ווייניק, בבאמנות ווייניק פאַר אַזאַ ציגעלע, און איר מאַמע, וואָס ווייסט איר, איז דאָך קיינמאָל אין קיין פרעמדן גאָרטן ניט געקראָכן. ווייניק אַ גילדן מיט אַ האַלבן, ווייניק.

**קלאָון:** נו, אויב זי שטאַמט פון אַזאַ פיינער משפחה, איז זי ווערט צוויי גילדן. נאַ נעם זיך דיר, און גיי אַהיים, און לאָז אָנגיין מיט דער שפּיל.

**פויער** (קראַצט די קאָפּ): די שפּיל ווי די שפּיל, אָבער צוויי גילדן פאַר אַזאַ ציגעלע (נעמט דאָס געלט). מע, האָט זי געמאַכט, און געקוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין, ממש גלייך אין די אויגן אַריין. פויער אָפּ רעכטס. קלאָון לאָזט די ציג דורכן פאַרהאַנג און גייט אָפּ לינקס).

## די שפּיל

(די בינע העל באַלויכטן, אויפן מיטן פון דער בינע ליגט פּייער, נעבן אים ליגט די קאָץ אויסגעצויגן און וואַרימט זיך; צו דער רעכטער זייט, אָביסל צום הינטערגרונט, ליגט דער הונט צוזאַמענגעדרייט און שלאָפט; קעגן איבערן הונט שטייט דער אָקס, קראַצט זיך באַם שטעקן און איז מעלה גרה. וואַסער שטייט אין ווינקל צום פאָדערגרונט און שפּילט זיך מיט די פאַלדן פון איר קלייד, שוחט זיצט אין צווייטן ווינקל און איז בודק דעם חלף).

**ציג** (לויפט אַרום צעשראָקן פון איינעם צום צווייטן, גיט אַ שמעק דאָ אַ שמעק דאָרטן און שפּרינגט אָפּ. ווידערהאָלט עס איניקע מאָל): מעע, האָט מיך אָוועקגענומען פון מיין סטאַדע; מעע, האָט מיך פאַרפירט אַהער צווישן

פרעמדע, צווישן אַזוי פיל פרעמדע; צו וואָס האָט מען מיך געבראַכט אַהער, (גייט צו צום וואַסער און הויבט אָן קייען איר קלייד קייענדיק) מעע, קען מיך דאָ ניט. מעע. (נעמט זיך ווידער צום וואַסערס קלייד) מעע ווייס מיך דאָ ניט (וואַסער וואַרפט אויף איר פלוצלונג אַרויף איר קלייד גלייך זי וואָלט איר באַגאַסן. ציג שפרינגט אָפּ אַ דערשראָקענע און ניסט).

**וואַסער**: ווערסט ווייטער וויסן... ווערסט שוין וויסן...

**ציג** (אין מיטן דער בינע אַ פאַרלאָרענע): מעע, האָט מיך אָפּגעגאָסן מיט וואַסער. מעע, האָט מיר שלעכטס געטאָן. שלעכטס געטאָן. (גייט אַרום פון איינעם צום צווייטן שמעקט זיי, שפרינגט אָפּ און ווידערהאָלט איינע און די זעלבע זאַך ווידער אַמאָל. (צום פייער): דיך קען איך; איך האָב דיך אַמאָל געזען ווען דער וואַלד האָט געברענט, אוי ביזטו געווען שיין, ווען דו האָסט געשפרונגען פון צווייג צו צווייג, פון בוים צו בוים — איך האָב געוואָלט צולויפן צו דיר און דיך אַ לעק טאָן, איך האָב אַזוי ליב צו לעקן, נאָר מעע האָט ניט געלאָזט. מעע האָט ניט געלאָזט. ביזט דאָך אָבער איצטער אויך שיין, כאָטש דו שפרינגסט ניט. ביזט אַזוי שיין אין דיין רויטן קלייד, אַזוי שיין, וועל איך דיך איצטער אַ לעק טאָן. (גייט צו צום פייער און שפרינגט גלייך אָפּ צוריק) גיי, ביזט אַ שלעכטער, דו האָסט מיר מיין בערדל פאַרברענט, ווען מיין בעל־הביתטע וואָלט דאָ געווען, וואָלט זי דיך מיט וואַסער אָפּגעגאָסן. (ניסט).

**וואַסער**: אַ שאָד, אַ שאָד וואָס זי איז דאָ ניטאָ.

**פייער** (שפרינגט אויף און צעלאָזט זיך מיט זיינע פייערדיקע צונגען איבער דער בינע): פאַרברענט זאָל עס ווערן. פאַרברענט זאָלט איר אַלע ווערן! (יאָגט זיך און דרייט זיך איבער דער בינע. אַ רויטער שיין באַגיסט די סצענע. אַלע צעלויפן זיך דערשראָקן אויסער דער הונט, וועלכער כאַפּט זיך אויף פון זיין שלאָף און קוקט זיך אַרום).

**הונט**: האַוו, האַוו, וואָס איז דאָ געשען?

וואַסער שטעלט זיך אַנטקעגן פייער, און דאָס פייער שטילט זיך איין, און לייגט זיך צוריק אויף זיין אָרט. אין טומל שפרינגט די ציג אַרויף אויף דער קאַץ.

**קאַץ**: אַוועק, אַוועק פון דאַנען, ביזט אַ נאַרישע ציג, אַ נאַרישע ציג, אָט וואָס דו ביזט. האָסט שיעור אַ שרפה געמאַכט.

**ציג**: מעע ווייס ניט ווער ס'איז קליגער, אָבער ווער ס'נאַשט וויסן אַלע.

**קאַץ**: אַוועק, אַוועק פון דאַנען, אָט קראַץ איך דיר דיינע אויגן אויס (און לאָזט זיך אויף איר).

**ציג** (שטעלט זיך אַנטקעגן איר מיט די הערנער) : מעע ווייס צוליב וועמען די קינדער זיינען געבליבן אָן מילך. מעע ווייס (גיט אַ שפּרונג) אָט גיי איך און דערצייל דער בעל־הביתטע און זאָל זי אויך וויסן.

**קאַץ** (צוזאַמענדרייענדיק זיך) : ביז אַ באַרעדעריין, אַ באַרעדעריין. אָט וואָס דו ביזט. דער בעל־הביתטע אָפּדערציילן הע, ביזט איר פאַרטוך ניט ווערט, אָפּדערציילן, נאַדיר אָפּדערציילן (הויבט איר אָן צו גראַבלען) און דערצייל, דערצייל.

**ציג** : איך וועל דיך מיט מיינע הערנער.

**שטעקן** (לויפט צו) : קאַץ, מען דאַרף איר די ביינער צעברעכן. אָט זעסט, אַלץ צוליב איר (צייגט זיין זייט) אָט די נאַרישע באַשעפעניש האָט דעם פייער צעהיצט און מיר אַ האַלבן זייט אָפּגעברענט.

**קאַץ** : איך באַדאַרף אייך קיינעם ניט. איך בין שטאַרקער און פלינקער פאַר אייך אַלעמען. איך אַליין וועל מיט איר פאַרטיק ווערן.

**ציג** : איך וועל דיך מיט מיינע הערנער דורכשטעכן. און שאַרף זיינען זיי. (פאַרמעסט זיך אויף איר).

**קאַץ** : דיינע הערנער שרעקן מיך ניט, און לאָמיר טאַקע זען ווי שאַרף זיי זיינען. (שפּרינגט אַרויף אויף איר און הויבט איר אָן צו גראַבלען. ציג יאָגט זיך אַרום איבער דער בינע, שפּרינגט און לויפט און זוכט זיך צו באַפרייען פון דער קאַץ און קען ניט, ענדלעך פאַלט זי אום).

**קאַץ** (ציט זיך אויס ביים פייער און באַלעקט זיך) : דו וועסט שוין מער ניט דערציילן . . . שוין מער ניט דערציילן . . .

**הונט** (שפּרינגט אויף) : האַוו, האַוו, וואָס האָסטו געטאָן ? וואָס האָסטו געטאָן ? דערהרגעט דאָס ציגעלע ! דאָס ציגעלע, פאַר וועלכער דער טאַטע האָט ערשט באַצאָלט צוויי גילדן. האַוו, האַוו. דערהרגעט, האַ ! מררשעת, מררשעת. פאַלשע אינטערלעקערין. איר מילך געטרונקען, און מיט איר בלוט פאַרביסן. האַוו, האַוו, מררשעת. (ווייזט די ציינער).

**קאַץ** : זי האָט מיך גערייצט. אַוועק, ביזט אויך אַ באַריידער, מישט זיך תמיד אין פרעמדע עסקים.

**הונט** : פרעמדע, האַוו. האַוו ; פרעמדע זאָגסטו. אַלץ וואָס ס׳געהערט צום בעל־הבית געהערט צו מיר,, ווייל איך אַליין געהער צו אים, און אַלץ געהערט צו אים. און אַלץ וואָס ס׳געהערט צו אים געהערט צו מיר, פאַרשטאַנען? מררשעתטע, פאַרשטאַנען ?

**קאַץ:** דו האָסט זיך ליב צו בילן פאַר גאָרנישט. דרייסט מיטן ווידל, ווילסט מען זאָל מיינען אַז דו ביזט אַ קאַץ.

**הונט** (אין אויפרעגונג): האַוו, האַוו, וואָס! וואָס האָסטו געזאָגט! וואָס האָסטו געזאָגט? מען זאָל מיינען אַז איך בין דאָס? אַז איך בין אַ קאַץ? אַ קאַץ? אַ באַלעקער, אַ נאַשער. איך? איך אַ קאַץ? אַ קאַץ? (וואַרפט זיך אויף איר).

**קאַץ:** ביזט מיין ווידל ניט ווערט.

**הונט:** אָט האָסטו דיר דערפאַר, מרשעת. נאַ, נאַ, פאַר אַלץ, פאַרן נאַשן, פאַרן אונטערלעקן און פאַר דער ציג.

**קאַץ** (כאַפּט זיך אַרויף אויפן טיש. הונט לאָזט זיך נאָך איר): איך וועל דיר דיינע אויגן אויסגראַבלען; אַוועק פון מיר, איך וועל דיר דיינע אויגן אויסגראַבלען. אַוועק, אַוועק, וואָס האָסטו זיך אָנגעבונדן וואָס; אַנו קום נאָר אַהער, האָסט מורא פאַר מיר — אַלע האָבן מורא פאַר מיר, איך בין פלינקער און שטאַרקער פון אַלעמען.

**הונט:** האַוו, האַוו, האַוו! מרשעת וואָס האָסטו געזאָגט? מורא, אַלע האָבן מורא פאַר דיר, און איך אויך? האַ, איך אויך; מרשעת, איך אויך? (גיט אַ שפרונג נאָך איר. קאַץ אַנטלויפט, הונט לויפט איר נאָך, כאַפּט איר, ראַנגלען זיך אַרום, קאַץ בלייבט ליגן, הונט גייט לאַנגזאַם צוריק, אָטעמט שווער).

**שטעקן** (לאָזט זיך נאָכן הונט. הונט אַנטלויפט, שטעקן לויפט אים נאָך):

**שטעקן** (לאָזט זיך נאָכן הונט. הונט אַנטלויפט, שטעקן לויפט אים נאָך: **ניט איינמאָל האָט זי אין מיר אירע נעגל אַריינגעלאָזן, און איך האָב געשוויגן, געשוויגן ווייל איך האָב געוואוסט, אַז זי איז דער בעל־הביתטעס קעצעלע, האָב איך געליטן און געשוויגן, ווי קומסטו, הונט איינער, זי צו דערהרגענען? דערפאַר בלויז וואָס זי האָט זיך ניט געלאָזן טרעטן אויף איר עק? אַזאַ נאַריש ציג, אַזאַ נאַריש ציג, נאַ דיר דערפאַר, נאַ דיר, נאַ דיר, און וויס און געדענק ווי צו טשעפּן זיך צו קעצעלאַך. נאַ, נאַ, נאַ.** (שלאָגט אים).

**הונט:** מערדער, אַי, אַי, אַי, מערדער. אַי, אַי, אַי.

**שטעקן:** גוט אויף דיר. נאַ, נאַ, נאַ דיר נאָך.

**הונט:** אוי, אוי, אוי! פייער, וואַסער, העלפט מיר, העלפט מיר, (פייער און וואַסער לאָזן זיך צום הונט אין מיטן וועג טרעפן זיי זיך, קוקן זיך אָן בייז און גייען צוריק).

**הונט** (מיט אַ שוואַכן טאָן): **העלפט מיר, אוי, אוי, אוי, העלפט מיר, העלפט.**

**שטעקן: ביזט עס ווערט, ביזט עס ווערט, ווערט, וועסט שוין איצטער געדענקען, און אַ צענטן פאַרזאָגן ווי צו טשעפּען זיך מיט קעץ. גוט אויף דיר, גוט אויף דיר.** (הונט ציט זיך אויס און בלייבט ליגן שטיל).

**פּייער** (אויפברויזנדיק שפּרינגט אויף): **ער איז געווען גערעכט דער הונט, געווען גערעכט, די קאַץ האָט ניט געטאָרט דערהרגענען דאָס ציגעלע, מען האָט זי געדאַרפט באַהיטן און באַשיצן, ברענען זאָלסטו דערפאַר. אַזוינע ווי דו צו אַש און צו שטויב זאָלן ווערן! און זאָל מיין פּייער זיך צעפלאַקערן אין דיר אין אַ פלאַם, און אַלע זאָלן זען און אַלע זאָלן וויסן ווי אויסצוהיטן זיך פון אומרעכט.** (לויפט אַרום. די פּייער צונגען שפּרייטן זיך איבער דער סצענע. אויף דער סצענע פאַלט אַ רויטער ליכט. דער שטעקן צינדט זיך אָן).

**שוחט: וואַסער, וואַסער, שנעלער, ראַטעווע, ער וועט דאָך מיט זיין פלאַם און פּייער אונדז אַלעמען פאַרברענען. וואַסער, ראַטעווע, ראַטעווע.**

**וואַסער: שוין לאַנג ווי איך טראָג אויף אים אַ האַס, אַ האַס** (פאַרמעסט זיך אויפן פּייער).

**פּייער: וועלדער, שטעט, מדינות גאַנצע האָב איך אָפּגעווישט פון פּנים פון דער ערד. ציט זיך צוריק אין דיינע טיפענישן** (לויפט אַרום, איבער דער בינע, די בינע ווערט אינגאַנצן באַגאָסן מיט אַ רויט ליכט).

**וואַסער: דעמבעס האָב איך מיט די וואָרצלען אין מיין צאָרן אַרויסגע־ריסן. בערג וועלכע האָבן מיט די שפּיצן די הימלען דערגרייכט, האָב איך צום אָפּגרונט דערנידערט, פעלזן פון שטיין און גראַניט האָב איך אָפּגעווישט, און דורך די פלאַמענדיקע מיילער פון וואולקאַנען האָב איך אַ וועג זיך געשניטן.**

**פּייער: מיט פעך און מיט שוועבל וועל איך דיינע ברעגן באַגיסן. מיט לאַווע וועל איך דיינע טייכן אָנפילן, פלאַקער און פלאַם וועלן דיך אין אַן אוממעכטיקן דאַמף פאַרוואַנדלען.** (לאָזט זיך אויפן וואַסער).

**וואַסער: דונערן און בליצן, נימפן פון אַלע טייכן און ימען, אַהער! אַהער! עס איז געקומען אונדזער צייט — דונערן און בליצן! נימפן פון אַלע טייכן און ימען.** (עס דונערט און בליצט, און נימפן דערשיינען און וואַרפן זיך אַריין אין קאַמף מיטן פּייער. אין רויטן ליכט שנייט זיך דורך אַ בלויער שיין).

**פּייער** (קלאַפּט אין מעשענע בלעכן): **פלאַקער און פלאַם, פונקען און שפּריצן, און העלישער פּייער. אַהער! אַהער מיינע קריגער!** (פלאַקער,

פלאַם, פונקען און שפּריצן און העלישער פייער דערשײנען און וואַרפן זיך אַריין אין קאַמף מיט וואַסער און וואַסער נימפן). אַקס ווילד פון שרעק לויפט אַרום, זוכט אַן ענטראַג, פון איין זייט פייער, פון דער צווייטער וואַסער פאַר־שטעלן אים די וועג. טרעפט זיך אַן מיטן שוחט לאָזט זיך אויף אים מיט די הערנער, שוחט ציט דעם חלף שטעלט זיך אים אַנטקעגן, אַקס ציט זיך צוריק נאַר געפינט זיך ניט קיין אָרט.

**וואַסער:** **זילבערנע און גילדענע נימפן, — טעכטער מײנע, פון די בוזימס פון די טייכן האָב איך אייך געבראַכט אַהער, מיט דעם שוים פון אייערע ליפּן פאַרניכטעט און פאַרוויסט אונדזער שונא, אונדזער שונא.** (נימפן לאָזן זיך אין ווילדער געווירמל).

**נימפן:** **פאַרוויסטן? פאַרוויסטן?** (דער רויטער ליכט ווערט שוואַכער).

**פייער:** **פעך און שוועבל אַהער.** (עס דערשײנען פעך און שוועבל): **פלאַקער, פלאַם, און העלישער פייער, וואו זײנען אייערע פויקן?** (קלאַפּן אין די פויקן) **און פון אייערע אינגעווייטן דאָס רויך, דאָס רויך ווי פון וואולקאַנען אַרויס.** (די בינע ווערט אַנגעפּילט מיט רויך. דאָס ליכט ווערט געביטן. פייער קלאַפּט אין די מעשענע בלעכן, פלאַקער קלאַפּט אין די פויקן, דונערן און בליצן).

**נימפן:** **וויסטן? וויסטן? וויסטן?**

**וואַסער:** **וויסט! וויסט! וויסט!**

(דאָס ליכט ווערט געביטן פון טונקל אויף טונקל בלוי, ביסלעכוויים אין לאַזור בלוי. דורך דער צייט פון ליכט וועקסלונג פאַרשווינדן פון דער בינע: פייער, פלאַם און פלאַקער און עס בלייבן וואַסער און וואַסער־נימפן, וועלכע יאָגן זיך און דרייען זיך אין אַ ווילדן געווירמל).

**וואַסער:** **מיר האָבן געזיגט. מיר האָבן זיי פאַרוויסט, מיר האָבן זיי אָפּגעשווענקט פון פּנים פון דער ערד, נו, לאָמיר קינדער פייערן אונדזער זיג.** (וואַסער און וואַסער־נימפן ווערן נאָך ווילדער און מיט מער ענערגיע און שטאַרקערע באַוועגונגען יאָגן זיי זיך אַרום איבער דער בינע).

**אַקס** (צום שוחט): **האָסטו געמוזט דאָס וואַסער צערייצן? ס'וועט די וועלט דאָך פאַרטרינקען; דאָס פייער האָט גערעכטיקייט געטאָן. האָט דער שטעקן געמוזט דעם הונט דערשלאָגן? דער הונט האָט דאָך אויך גערעכטיקייט געזוכט ווען ער האָט די קאַץ דערהרגעט, דערפאַר וואָס זי האָט דאָס ציגעלע דערוואָרגן.**

**שוחט**: גערעכטיקייט, — דאָס וואָסער איז גערעכט, דאָס וואָסער איז דאָס איינציקע וואָס וואַשט אַלע אומרעכטן אָפּ. מען דאַרף ניט ברענען, מען דאַרף מיטן קאַלטן פאַרשטאַנד באַטראַכטן זאַכן. ווען עס קומט צו גערעכטיקייט. — איז דאָס וואָסער די איינציקע וואָס איז אומבאַפלעקט. איז וואָס איז, ווען דער שטעקן האָט דערהרגעט דעם הונט? דאַרף מען זיך היצן? דאַרף מען ברענען?

**אָקם**: קאַלטער גזלן, אויף בלוט פאַרגיסן געפינסטו אַ הכשר, און אויף אומרעכט געפינסטו ניט קיין סרכה. ווען דו זאָגסט, אַז דאָס וואָסער האָט רעכט, זאָל אַזאַ גערעכטיקייט אויסגעטריקנט און אויסגערונען ווערן. מיט מיינע הערנער וועל די ערד צעשפּאַלטן, און זאָל דאָס וואָסער, וואָס וואַשט אָפּ פאַרגאָסן בלוט, פאַרשווינדן פון דער וועלט. (רעוועט און רייסט די ערד), מוטער ערד, מוטער ערד, שלינג איין דאָס וואָסער, מוטער ערד, מוטער ערד, — עס וויל די ערד אין זיך דאָס וואָסער ניט אַריינעמען, — וואָסער וואָס ווישט אָפּ פאַרגאָסן בלוט, וואָס שווענקט אָפּ אומגערעכטיקייט וויל די ערד אין זיך ניט איינזאַפּן. נו, מוז איך אַליין, מוז איך אַליין, מוז איך אַליין, מוז איך אַליין (וואַרפט זיך אויפן וואַסער גלייך ער וואָלט עס געטרונקען) מאו, מאו, מאו. (דאָס וואַסער פאַרשווינדט). און דו, — דו בלוט פאַרגיסער, ווער וועט איצטער אָפּוואַשן דאָס בלוט פון דיינע הענט? (לאָזט זיך אויף אים מיט די הערנער).

**שוחט** (ציט אַרויס דעם חלף): **טרפהנער גליד.** (ראַנגלען זיך און נאָך אַ קורצן אַרומראַנגלען פאַלט דער אָקס. די בינע ווערט זייער שוואַך באַלויכטן).

**אָקס**: מערדער, מערדער, זאָל מיין פאַרגאָסן בלוט גערעכטיקייט זוכן פאַר מיר. אַלע האָבן זיי גערעכטיקייט געזוכט, און געפונען — דעם טויט, און איך אויך, איך אויך. (מיט אָנשטרענגונג) דער הונט האָט גערעכטיקייט געזוכט, האָט אים דער שטעקן דערהרגעט, פייער האָט גערעכטיקייט געזוכט האָט אים וואַסער פאַרטיליקט, איך האָב גערעכטיקייט געזוכט האָסטו מיך... און איצט, ווער וועט, ווער וועט? (אין אַ שוואַכן טאָן) בלוט, פאַרגאָסן בלוט מיינע, פון די טיפענישן פון אָפּגרונט זוך און געפין גערעכטיקייט. (בלייבט שטיל. פאוזע).

**שוחט** (קוקט זיך אַרום): **וואָס איז דאָ פלוצלונג אַזוי שטיל געוואָרן? וואו זיינען זיי אַלע? וואו איז וואַסער, וואו איז פייער און וואו זיינען אַלע חיות? פאַרשוואונדן? פאַרגאַנגען?** (קוקט זיך אַרום און דערזעט פייער)

פייער, פייער, אָט ליגט דאָך פייער (ענדערט דעם טאָן) זיינע אויגן זיינען אויסגעלאָשן, אויסגעלאָשן. (באַטראַכט אים) און קאַלט, קאַלט, קיין איין פונק לעבן. (דערזעט דאָס וואַסער) וואַסער, אָ וואַסער, אָט ליגט דאָך וואַסער (מיט אָפענע אָרעמס), ריין, קלאָר, דערפרישנדיק וואַסער מיין! (מיט אַרונטערגע־לאָזטע הענט) אויסגעטריקנט! גלייך ווי ס'וואָלט קיינמאָל קיין לעבעדיקער קוואַל ניט געווען. (מאַכט אַ באַוועגונג, שטייסט זיך אָן אָן דעם אָקס און פאַלט אום אין שרעק). ווער איז דאָ? ווער איז דאָ? (מיט שטייגעדיקן פחד) ווער איז דאָ, וואָס האָט מיך אומגעוואָרפן? ענטפער! ענטפער! וואָס טוסטו דאָ צווישן די טויטע? (זוכט אַרום אין ווילדן שרעק) ענטפער! ענטפער! (דערזעט דעם אָקס) אָ, דאָס ביזטו? און איך האָב געמיינט... (שפרינגט אויף דערשראָקן) וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי מיט דיינע פאַרגלאָזטע אויגן, דערקענסט מיך ניט? דאָס בין איך דאָך, דיין שוחט. אָט זע, עס איז נאָך דיין בלוט אויף מיינע הענט ניט פאַרטריקנט, און אָט איז דער חלף, זעסט? זעסט? (האַלט דעם חלף פאַר זיינע אויגן) זעסט? זעסט? דער חלף מיט וועלכן איך האָב דיין לעבן פאַרשניטן (אין שטוינענדער שרעק און אויפרעגונג) דיינע פאַרגלאָזטע אויגן מאַך צו, מאַך צו דיינע אויגן און קוק ניט אויף מיר. (רוקט זיך אָפּ צוריק אין שרעק). קוק ניט אויף מיר מיט דיינע טויטע פאַרגלאָזטע אויגן. (דרייט זיך אַרום) אָ, פון אַלע ווינקלען אויגן. אָ, וויפיל אויגן, און אַלע פאַרגלאָזטע, ווי געשליפענער שטאָל, ווי דער שאַרף פון מיין חלף (אין עקסטאַז). איך וועל אייך די אויגן פון אייערע טויטע שאַרבנס אויסשניידן (יאָגט זיך אַרום איבער דער בינע מיטן חלף אין האַנט און שניידט די לופט) אָט אַזוי, אָט אַזוי, פון אייערע טויטע שאַרבנס וועל איך אייך. (עס פאַלט ביי אים פלוצלונג אַרויס דער חלף פון האַנט). פון וואַנעץ האָבן זיך פלוצלונג אַזוי פיל אויגן גענומען? אַנטלויפן, מען מוז אַנטלויפן פון דאַנען (לאָזט זיך צום פענצטער) פון פענצטער וועל איך שפרינגען (קוקט פון פענצטער אַרויס און שפרינגט אָפּ אין שרעק) גאַנצע סטאַדעס געקוילעטע אָקסן יאָגן זיך און שפאַרן זיך אַהער. מיין חלף, וואו איז מיין חלף? זוכט דעם חלף). וויי; דאָס פענצטער, איך האָב אַליין פאַר זיי דאָס פענצטער געעפנט (כאַפּט דעם חלף און לויפט צום פענצטער) איך וועל אייך אייערע טויטע קעפּ צעהאַקן! (פאַרמעסט זיך מיטן חלף, אַ שטראָם ליכט דרינגט אַריין דורכן פענצטער. שוחט פאַלט אום און בלייבט אומבאַוועגלעך, אין זעלבן אויגנבליק דערשיינט דער מלאך המות).

**מלאך המות** (מיט לאַנגזאַמע טריט): רו און פרידן דיר, רו און פרידן

דיר אין דער איביקער איביקייט דעקט איס איבער מיט אַ שוואַרצן געוואַנט).

(די בינע ווערט העל באַלויכטן און פון באַזונדערע ווינקלען דערשיינען די שלוחים פון טויט, צווישן וועלכע עס געפינען זיך קונסט, וויסנשאַפט און גאָלד. וויסנשאַפט רעכנט גייענדיק, אין אַ גרויסן בוך ; קונסט איז מיט פּענזלען באַהאַנגען, מיט אַ סימעטרע אין האַנט ; גאָלד איז באַהאַנגען מיט פאַרשיידענע שטראַלנדע שטיינער און גאָלדענע באַפּוצונגען).

**איינער פון די שלוחים** (צוקומענדיק צום מלאך המות) : מיר האָבן אונדזער שליחות פאַרענדיקט.

**צווייטער :** מיר האָבן זיי אַלעמען דערלייזט, ווי דיין ווילן איז געווען.

**דריטער :** ביזן לעצטן דערלייזט.

**פערטער :** אַלע שטערבלעכע, מענטש און חיה, צו דער איביקייט געבראַכט.

**מלאך המות :** האָט איר זיי לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך אין זייערע גסיסה אַנגסטן ?

**ערשטער :** מיר האָבן זיי מיט טויזנטער אויגן געהיט, און ביי דעם ערשטן רוף זיינען מיר צו זייער הילף געקומען.

**מלאך המות :** האָט איר זיי אָפּגערעדט פון לעבן אָדער צוגערעדט צום טויט ?

**צווייטער :** מיר האָבן זיי ניט אָפּגערעדט פון לעבן, און ניט צוגערעדט צום טויט, און נאָר דאַן ווען זייערע אַלע פאַרלאַנגען האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום איין פאַרלאַנג — דערלייזונג. דאַן זיינען מיר געקומען און זיי דערלייזט, ווי דיין ווילן איז.

**דריטער :** און ניט נאָר דאָס אַליין. דו, גרויסער מלאך, און אַז זיי האָבן אונדז שוין גערופן, און מיר האָבן דערפילט אַז ערגעץ וואו קלאַפּט נאָך אַן אָדער, אָדער טליעט אַ פונק לעבן, האָבן מיר געוואַרט, געדולדיק געוואַרט, ביז דער לעצטער פונק איז אויסגעלאָשן געוואָרן, ווי דיין ווילן איז.

**מלאך המות :** זיינען אַלע מיינע שלוחים דאָ ? אייפערזוכט, צייל זיי אַלעמען איבער. (אייפערזוכט לויפט און ציילט זיי אַלעמען אַרומדרייענדיק זיך צווישן זיי).

**אייפערזוכט :** אַלע זיינען דאָ אויסער ליבע . . .

**מלאך המות :** הם, ליבע פעלט . . . וואו איז ליבע ? האָט ווער פון אייך זי געזען ?

**גאָלד:** לעצטנס איז זי מיט מיר האַנט אין האַנט געגאַנגען, נאָר דאָ האָב איך זי פון אויג פאַרלאָרן.

**מלאך המות:** און ווי איז עס אייך געגאַנגען, שלוחים מיינע?

**וויסנשאַפט:** איך האָב זיך, גרויסער מלאך, ניט אויף וואָס צו באַקלאָגן. זיי האָבן מיר זייערע לעבנס אַנטקעגן געטראָגן, און וואו איך האָב זיך נאָר באַוויזן האָבן זיי שוין געוואַרט, גרייט מיט זייערע לעבנס, מיר עס אָוועקצוגעבן.

**מלאך המות:** און ווי איז עס דיר געגאַנגען, קונסט?

**קונסט:** לעצטנס, גרויסער מלאך, איז מיר ניט געגאַנגען אַזוי גוט ווי אַמאָל. אַמאָל בין איך ביי זיי געווען ווילקאָמען, זייערע לעבנס איז תמיד פאַר מיר געווען גרייט, און ניט זוכן האָב איך זיי געדאַרפט, נאָר זיי האָבן מיך געזוכט. זיי האָבן מיך אין די הימלען געזוכט, אין די וויטע רוימען געזוכט אויפן וואר און אין חלום. זיי האָבן מיך געזוכט אין העלן ליכט און אין די שאָטנס פון דער נאַכט. זיי האָבן מיך געזוכט אין די פיר איילן פון זייערע היימען און אין די וויטקייט פון זייערע פאַנטאַזיעס. זיי האָב מיך געזוכט אין זיך, און אין יענעם. אומעטום האָבן זיי מיך געזוכט, און שטענדיק זיינען זיי גרייט געווען מיר אָוועקצוגעבן זייערע לעבנס, נאָר לעצטנס איז גאָלד דעם וועג מיר פאַרלאָפן און מיט זיין גלאַנץ זיי די אויגן פאַרבלענדט.

**גאָלד:** ניט אמת, גרויסער מלאך, ניט אמת, ניט אמת, ניט איך בין אים דעם וועג פאַרלאָפן, און ניט איך האָב זיי געזוכט, נאָר זיי האָבן אַליין מיך געזוכט. אין אים און דורך אים האָבן זיי מיך געזוכט, טויזנטער יאָרן בין איך פרידלעך געלעגן אין די טיפעניש פון דער ערד. בין איך ווען אַליין אין דער עפנטלעכקייט אַרויס? האָב איך דען אַליין מיט מיין גלאַנץ וועמעס אויגן געבלענדט? אַליין — זיי אַליין האָבן זיך געגראָבן, הונדערטער אַליין, ווי די קראָטן האָבן זיי זיך געגראָבן אונטער דער ערד און מיך געזוכט, און ווען זיי האָבן מיך געפונען האָבן זיי אין מיין גלאַנץ זיך געשפיגלט, און מיט מיין שיין, קונסט, וויסנשאַפט, און ליבע פאַריאָגט.

**מלאך המות:** רייד ניט פון ליבע אין איר אָפוועזנהייט.

**גאָלד:** איך רייד אמתע רייד, גרויסער מלאך, און זיי און דורך זיי אַלעמען סיי דורך קונסט, סיי דורך וויסנשאַפט, און סיי דורך ליבע האָבן זיי אַ וועג, אַמאָל אַ לייכטערן, אַמאָל אַ קירצערן, און אַמאָל אַ שנעלערן צו מיר געזוכט.

**וויסנשאַפט:** איך פּראָטעסטיר, גרויסער מלאך. — איך פּראָטעסטיר אין נאָמען פון די טויזנטער וועלכע האָבן מיר זייערע לעבנס אָוועקגעגעבן.

**מלאך המות:** ניט איצטער, שלוחים מיינע, איז די צייט פון קריג. פרידן שטייט פאַר דער טיר. פון די שטערבלעכע האָט איר געירשנט קריגעריי און צוויסטיקייט. וואַרפט אײַן פאַרגעסנקייט אַריין די פאַרגאַנגענהייט. מיר שטייען ביים שוועל פון אייביקן פרידן. (עס קומט אַריין ליבע) און אָט איז ליבע. ביזט דאָך תמיד געווען די ערשטע, און צום סוף — ביזטו די לעצטע; און דיין פנים זע איך איז דיר בלאַס, און דו ציטערסט, וואָס איז געשען ליבע?

**ליבע** (פאַרנייגט זיך): גרויסער מלאך, ביז איצט האָב איך דערפילט מיין שליחות, און מער קען איך ניט. איך קען שוין מער ניט. (פאַלט אים אונטער־טעניק צו זיינע פיס און קושט דעם זוים פון זיין קלייד).

**מלאך המות:** שטיי אויף און רייד, פונקט ווי די פאַרליבטע, וועלכע דו האָסט צו דער אייביקייט געבראַכט, ציטערסטו, פלאַטערסטו, און פאַלסט צו די פיס, ביזט ניט צווישן די לעבעדיקע, שטייסט איצטער פאַר מיר, שטיי אויף און רייד.

**ליבע** (שטייט אויף): מענטש און חיה, און אַלץ וואָס האָט געלעבט, און געליבט איז טויט. איך האָב זיי דורך ליבע צום טויט געבראַכט, און שפּאַנענ־דיק אין דיין קעניגרייך פון טויט, האָב איך צווישן טויטע דאָרטן אַ מוטער דערזען, צום ברוסט האָט זי געהאַלטן אַ טויט קינד צוגעדריקט, און אין איר טויט האַרץ, האָב איך דערפילט, לעבט נאָך די ליבע צום קינד.

**מלאך המות:** נו איז וואָס, איז וואָס?

**ליבע:** איך האָב אַלץ געטאָן. איך האָב צוגענומען דאָס טויטע קינד פון איר, און עס איז וועלט פון פאַרגעסן פאַרטראָגן, און מיט דערנער און וויסטעניש האָב איך דעם וועג פאַרזייט. נאָר די ליבע צום קינד איז אויף אייביק פאַרגליווערט געוואָרן אין איר טויט האַרץ.

**מלאך המות:** ליבע, דו האָסט דיין שליחות דערפילט צו די לעבעדיקע; די טויטע לאָז איבער צום טויט. (ווענדט זיך צו אַלע שלוחים) געטרייע שלוחים מיינע, איר האָט אַלע אייערע שליחות בשלמות דערפילט (גייט צו צום פענצטער און קוקט אַרויס) אַ טויטע וועלט, אַ שטילע וועלט, אַלע רואיקע, אַלע פריד־לעכע. אָט זע איך ליגט אַ לייב, נעבן אים אַ שאָף, און ביי זייער זייט אַ קינד, און אַלע רואיקע, און אַלע פרידלעכע. (צו די שלוחים) און איצט געטרייע שלוחים מיינע איר האָט זיי אַלעמען דערלייזט, איצט איז אויך אייער צייט געקומען פון דערלייזונג, לייזט זיך אויף.

(איינער נאָכן צווייטן טוען אויף זיך די שלוחים אָן שוואַרצע טיכער און פאַרשווינדן).

(מלאך המות גייט מיט לאַנגזאַמע טריט אויף און אָפּ איבער דער בינע אין טיפע געדאַנקען פאַרטיפט. גיסט פון אַ קאַראַפין פיר כוסות מיט וויין): (ערשטער כוס) **מזרח און פרילינג** (צווייטער כוס) **זומער און דרום** (דריטער כוס) **הערבסט און צפון** (פערטער כוס) **ווינטער און מערב.** (טרינקט איין כוס נאָכן צווייטן און ביים טרינקען ווידערהאָלט ער די צייטן און טיילן פון יאָר ווי ביים אָנגיסן די כוסות, גייט צו מיט לאַנגזאַמע טריט צום פענצטער, גייענדיק) **צייט און רוים שוין אויך פאַרשוואונדן.** (קוקט דורכן פענצטער אַרויס) **תהו ובהו.** (לאַכט, גיט אַ מאַך מיטן האַנט) **און איצטער וואָס ?** (שפּאַנט מיט לאַנגזאַמע טריט איבער דער בינע פאַרטיפט אין געדאַנקען, וויקלט זיך איין אין אַ שוואַרץ געוואַנט) **אַלעמען דערלייזט, באַדאַרף מען זיך אַליין אויך אויפלייזן.**

(פ אַ ר ה אַ נ ג)

# ע פּ י ל אָ ג

(די אויסשטאַטונג די זעלביקע.)

(אויף דער מיט פון דער בינע זיצט פייער און וואַסער געאַרעמט, די וואַסער־נימפן און פייער שפּריצן און פונקען און פלאַקער שפּילן זיך אַרום באַ די פיס פון פייער און וואַסער.. צום פאָדערגרונט רעכטס שטייט די ציג און די קאַץ. די קאַץ קאַמט דער ציגס באָרד, און באַלעקט זיך. צו דער לינקער זייט פון פאָדערגרונט שטייט דער שוחט און דער אָקס. דער אָקס איז בודק דעם חלף. אַביסל אָן אַ זייט שטייט דער הונט און דער שטעקן געאַרעמט).

**קאַץ:** מיאו, וואָלסט געדאַרפט אַביסל מער אַכטונג געבן אויף דיין טואַלעט.

**ציג:** געגוהההג שוין געגוהההג שוין, וואָלסט זיך בעסער אַביסל וואַרים מילך גענומען.

**קאַץ:** מיאו, וועסט עס דאַרפן פאַר די קינדער.

**ציג:** פאַר די קינדער וועל איך געבן מעההר, מעההר.

**קאַץ:** ביזט אַזאַ ווארילע ציגעלע. (לעקט איר).

**ציג** גיט דער קאַץ מילך): הויב אויף, קעצעלע, דיין עק, וועסט באַך אים איינשמוצן.

**קאַץ** (שאַרט זיך אַרום דער ציג מיט אַ פאַריסן ווידל), (ציג לעקט איר).

**פייער**: סאַראַ בלויע אויגן דו האָסט (אין עקסטאַז) הימלען, וועלטן שפּיגלען זיך אָפּ אין זיי.

**וואַסער** (לאַסטשעט זיך): אַז איך האָב ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ וואַרים האַרץ דו האָסט.

**פייער**: ביזן סוף פון דער וועלט וועל איך אַזוי קוקן אין דיינע בלויע אויגן.

**וואַסער**: אַז איך האָב ניט געוואוסט ווי הייס דו קענסט ליבן. (קושן זיך).

**אָקס** (האַלט דעם חלף): אויפן רעכטן מיטן, זעסט, איז דאָ אַ פּגימה.

**שוחט**: איך האָב אים אָוועקגעוואָרפן, איז צו וואָס האָסטו אים אויפגעהויבן?

**אָקס**: וועט צוניץ קומען קאַרטאָפל צו שיילן.

**שוחט**: דאָס איז אַ ווייבערשער עניין.

**אָקס**: מעלה גרהסט מיר תמיד די זעלביקע פּראַזע.

**שוחט**: מען דאַרף דיר בעסער די הערנער פאַרשאַרפן. זיי זעען מיר אויס לעצטנס עפּעס שטומפּיק (מיטן חלף שאַרפט ער אים די הערנער).

**שטעקן** (צום הונט): איך, איך וועל דיך באַשיצן, דאַרפסט פאַר קיינעם קיין מורא ניט האָבן.

**הונט**: האַ, האַ, מורא! איך מורא. איך האָב פאַר קיינעם ניט קיין מורא, און קיינער דאַרף פאַר אונדז קיין מורא ניט האָבן, מיר דאַרפן נאָר אָפּהיטן דעם שלום פון דער וועלט.

**קלאָון** (קומט אַריין): וואָלט שוין געקומען אַמאָל אַ סוף צו אייערע ליבעס דערקלערונגען? די טישן זיינען שוין געגרייט.

**הונט**: אָט אַ גייען מיר. מיר האָבן זיך דאָ אַביסל דורכגעשמועסט.

**שטעקן**: און מיר האָבן דאָך אַזוי פיל פון וואָס צוריידן, ניט אמת, מיין טייערער, קום. (הונט און שטעקן אָפּ).

**קאַץ**: איך האָב דאָס ציגעלע אַביסל דאָס בערדל פאַרקאַמט, מע קען דאָך ניט קומען אַזוי צו דער סעודה.

**ציג**: און דאַן האָבן מיר באַשלאָסן אָפּגעבן קאָנצערט. איך און די קאַץ, פאַרשטייסט, מיר ביידע, איך און די קאַץ. (אָפּ).

**פייער**: דאָס וואַסער און איך און אַלע אונדזערע קינדער וועלן טאַנצן נאָך דער סעודה. מירן טאַנצן, אַזש פונקען וועלן פליען (גיט אַ כאַפּ וואַסער) אָט אַזוי, אָט אַזוי, אָט אַזוי. (פייער, וואַסער, נימפן און פייער פונקען לאָזן זיך אַוועק אין אַ ווילדן טאַנץ).

**קלאון:** ניט דאָ, ניט דאָ, דאָרטן, דאָרטן. (פייער און וואַסער אָפּ).

**אָקס:** איכל האַלטן די שלוס רעדע, בין דערצו צוגעגרייט (ווייזט זיין צונג).

**שוחט:** און איך? — זיי וועלן זינגען טאַנצן, ריידן, — און וואָס וועל איך דאָרטן טאָן?

**קלאון:** דו, און איך — מירן ביידע קלאַפּן אין די פויקן. (אָקס און שוחט אָפּ און קערן זיך באַלד אום).

**שוחט:** איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַלע זיינען דאָ, און וואו איז דער מלאך המות?

**קלאון** (צעלאַכט זיך): וואָס איינעם קען איינפאַלן, — מלאך המות, ניטאָ — ניטאָ קיין מלאך המות. (שוחט און אָקס אָפּ).

**קלאון** (צום פובליקום): און איר, אויף וואָס וואַרט איר?

**פובליקום:** מיר וואַרטן אויף די אַקטיאָרן. וואו זיינען די אַקטיאָרן? מיר ווילן זען די אַקטיאָרן?

**קלאון** (צעלאַכט זיך): וואָס מענטשן פאַלט איין. אַקטיאָרן, אַקטיאָרן, נו קומט וועל איך אייך ווייזן אַקטיאָרן. (אַ צאָל פון פובליקום קומען אַרויף אויף דער בינע, דער קלאון נעמט אַרויס אַ שפּיגל און גיט זיך זיי איינקוקן). אָט האָט איר אייך אַקטיאָרן. (לאַכט).

(דער פאָרהאַנג פאַלט אין דער זעלבער טעמפּאָ ווי דעם קלאונס לאַכן).

# סופרייז פּאַרטי

## אַ שפּיל אין איין אַקט

פּ ע ר ז אָ נ ע ן:

סיידי
בעלאַ
מיני — קינדער פון צען ביז צוועלף יאָר
ראָזע
פריידל

מאַמע
באָבע
מיידלעך און ייִנגלעך פון שול עלטער.

אַ צימער אײַנפאַך מעבלירט, טירן רעכטס און לינקס וואָס פירן אין די איבעריקע צימערן פון הויז, אין הינטערגרונט אַ טיר צום גאַס, פענצ־טער פון ביידע זייטן טיר פון וועלכע עס זעט זיך די גאַס.

**סיידי:** (ביים טעלעפאָן, היימיש אָנגעטאָן) **אָפּערייטאָר, אָפּערייטאָר, „גיוו מי לעקסינגטאָן 0003״.** (האַלט דאָס טרייבל און קלינגט אומגעדולדיק) **וועט איר מיך שוין אַמאָל פאַרבינדן מיט לעקסינגטאָן 0003,** (ווערט מער און מער אומגעדולדיק), **צום צענטן מאָל אַז איר פרעגט. לעקסינגטאָן 0003.** (אָפּוואַרטנדיק) **וואָס ? וואָס זאָגט איר ? מען ענטפערט ניט ? האָט איר דאָך גלייך געקאָנט זאָגן.** (הענגט אויף דאָס טרייבל, און הויבט זיך אויף, עס דערהערט זיך אַ קלונג, לויפט צו צום טעלעפאָן) **העלאָ, העלאָ.**

— **עס האָט דאָך אָבער געקלונגען.**

(עס קומען אַריין בעלא און ראָזע מיט פּעקלאַך אין די הענט).

**ראָזע:** (אַוועקלייגנדיק די פּעקלאַך אויף אַ שטול) **מיר האָבן געקלונגען, האָט מען ניט געענטפערט — נו, זיינען מיר אַריין אַזוי.**

**סיידי:** (אויפשפרינגנדיק) טייערינקע מיינע, ליבינקע. (דריקט זיי צום האַרצן און קושט זיך מיט זיי) איך האָב שיעור דעם טעלעפאָן ניט צעבראָכן רופנדיק אייך. — נעמט אַראָפּ די מאַנטלען, מיידלאַך, מאַכט זיך באַקוועם. (העלפט זיי אַראָפּציען די מאַנטלען).

**ראָזע:** (אויסטוענדיק זיך) אַז מען גייט איינקויפן, איז ווייסט דאָך ווי עס איז.

**בעלאַ:** (אויספּאַקנדיק אַ געפּעק) דערמיט סיידי וועלן מיר באַפּוצן די פענצ־טער, די ווענט — דערמיט דעם טיש, און מיט די יאַפּאַנישע לאַמטערנעס וועלן מיר דעם גאַנצן צימער באַהענגען.

**סיידי:** (באַטראַכטנדיק אַלץ, אין עקסטאַז) גוט, טייערינקע גוט, אָט לאָמיר זיך אַלע אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט (אַלע נעמען זיך פלייסיק צו דער אַרבעט, סיידי ברענגט דעם צימער אין אָרדנונג, ראָזאַ באַצירט די פענצטער, בעלאַ הענגט אויס די יאַפּאַנישע לאַמטערנעס שטייענדיק אויף אַ בענקל).

**ראָזע:** (אַרבעטנדיק) איך האָב אָנגעטראָפן מיניך, האָב איך איר געבעטן זי זאָל איינקויפן די פרוכט.

**בעלאַ:** (הענגנדיק די לאַמטערנעס) פרײדל האָט מיך היינט אָפּגערופן, זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט אַליין באַזאָרגן די קענדי. (קוקט אויף איר האַנט זייגער) זי האָט שוין געדאַרפט דאָ זיין.

**סיידי:** (באַזאָרגט) איך האָב מורא קינדער מיר וועלן ניט פאַרטיק ווערן אין צייט, מען האָט אַלץ געוועז געדאַרפט באַזאָרגן מיט אַ פּאָר טעג פריער.

**בעלאַ:** (קוקט אויף איר האַנט זייגער) דאַרפסט זיך ניט ערגערן, סיידי, עס איז נאָך פרי.

**סיידי:** איך האָב פיינט צו לאָזן אויף דער לעצטער מינוט. (שטעלט אין איילע־ניש אויס די שטולן) פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס.

**ראָזע:** מיר וועלן זיך אַלע אַ נעם טאָן, וועסט שוין זען, וועסט שוין זען.

**בעלאַ:** (אַראָפּשפּרינגנדיק פון שטול) איך האָב גאָר פאַרגעסן עס צו ווייזן. (לויפט צו צו אירע זאַכן און נעמט אַרויס אַ קראַנץ קאַרעלן) דענקט איר אַז עס וועט איר געפעלן?

**סיידי:** טייערינקע, ליבינקע (קושט איר), דו — דו — אַלע מאָל טרעפסטו צו. זי וויל עס טאַקע, האָט זיך אַלץ געקליבן צו קויפן.

**ראָזע:** (ניט וועלנדיק בלייבן הינטערשטעליק) אָבער וואָס איך האָב געקויפט וועט אייך אַלעמען איבעראַשן.

**סיידי און בעלאַ:** וואָס? וואָס?

**ראָזע:** (לאָזט איר אַרבעט פאַלן, נעמט פון איר האַנטטאַש אַרויס אַ שאַכטל און ווייזט) פערצן קערעט גאָלד, די ווייזערס, אויך גאָלדענע.

**סיידי:** (ענציקט) מיידלעך — מיידלעך — איך זאָג אייך, — איר הערט — איך זאָג — עס וועט זיין אַזאַ איבעראַשונג! איר הערט, אַזאַ איבעראַשונג!

**בעלאַ:** דו מיינסט אַז זי האָט זיך גאָר ניט אָנגעשטויסן?

**סיידי:** ווייס איך וואָס! זי איז לעצטנס געווען אַזוי פאַרנומען מיט די עקזאַמענס.

**בעלאַ:** איז אָט ווי מירן טאָן ווען מירן פאַרטיק ווערן. מיר וועלן אַרונטער־לאָזן די פאָרהאַנקעס, גלייך קיינער איז אין דער היים ניטאָ, און אַליין וועלן מיר זיך באַהאַלטן אין אַ זייטיקן צימער און ווי זי וועט נאָר אַריין וועלן מיר זי באַגעגענען מיט אַ הוראַ.

**ראָזע:** מיט אַ הוראַ, אָט אַזוי טאַקע, מיט אַ הוראַ.

**סיידי:** איי וועט דאָס זיין, — לאָמיר זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט, קיין זאַך איז נאָך ניט פאַרטיק (אַלע נעמען זיך צו דער אַרבעט).

## צווייטע סצענע

די זעלביקע, און מיני מיט פעקלעך גרעסערע און קלענערע.

**סיידי:** (דערפרייט) גוט מאָרגן, מינעלע (קושט איר).

**מיני:** (אַרומקוקנדיג זיך קאָקעטיש) און איך האָב געמיינט, אַז איך האָב פאַר־שפּעטיקט. (טוט זיך אויס) און איר האָט נאָך אפילו די הויז ניט פאַרפּוצט. (באַ־טראַכטנדיק אירע פעקלאַך) מיר דוכט זיך (דערשראָקן) אוי מיר דוכט זיך (נערוועז) מיט מיר איז שוין שטענדיק אַזוי, אָדער איך פאַרליר אָדער... (אָפּאָטעמענדיק פרייער) אַבי, איך האָב געמיינט אַז איך האָב דאָס פאַרלוירן.

**בעלאַ:** (אַרבעטנדיק) פריידל מוז שטענדיק זיין די לעצטע.

**מיני:** (אויספּאַקנדיק אירע פעקלאַך) זי וועט דאָ באַלד זיין. איז אַריין עפּעס קויפן. האָב איך איר, מיידלעך, געקויפט אַ פּרעזענט! (אַלע לויפן צו ניגעריק אַלע: וויַיז, ווייַז לאָזט עס אָנקוקן. איין קוקעלע, — פון דער וויַיטן, — מירן דאָס ניט אָנרירן.

**מיני:** (קאָקעטיש) געוואָלט האָב איך אייך אַלעמען איבעראַשן, נאָר אַז איר ווילט — (נעמט וואָס אַרויס פון אַ שאַכטל) אַ באַגולטער, נאָר אַ גוטער.

**ראָזע:** (אויפשפרינגנדיק) דער, וואָס איך האָב געקויפט, וועט איר בעסער געפעלן, איז אַ שענערער פון דיינעם.

**מיני:** וואָס? וואָס? (קוקט אויף איר בייז).

**ראָזע:** זעסט, מיינס איז אַ גאָלדנס, און האָט גאָלדענע ווייזערס, און דיינס איז אַ פּראָסטס, אַ ביליקס.

**מיני:** (בייז) גיי אַוועק שלעכטע, פאַרגינסט מיר ניט. (בייט דעם טאָן) האָסט מיר געדאַרפט זאָגן אַז דו קויפסט אַ זייגערל, וואָלט איך איר אַן אַנדער זאַך געקויפט.

**ראָזע:** איך האָב זי געוואָלט איבערראַשן.

**מיני:** איך בין אָבער די ערשטע, דאָס זייגערל האָב איך נאָך נעכטן געקויפט.

**ראָזע:** און איך האָב די מתנה פאַר איר שוין אַ וואָך ...

**מיני:** און די גאַנצע צייט האָסטו עס געהאַלטן בסוד?

**ראָזע:** איך האָב זי געוואָלט איבערראַשן!

**מיני:** (וואַרפט אויף זיך איר מאַנטל) איך קום גלייך צוריק.

**פיידי:** וואוהין גייסטו מיני?

**מיני:** (אין טיר) איך קום גלייך צוריק, (אָפּ).

## דריטע סצענע

### די זעלביקע, אָן מינין. אַרבעטן פלייסיק. פריידל מיט פעקלעך און נאָך פינף מיידלעך.

**פיידי:** (דערפרייט) פריידל (דערזעעט די מיידלאַך) גוט מאָרגן ליבינקע, טו אויס דעם מאַנטל, מיר האָבן ערשט, פריידעלע, גערעדט וועגן דיר, (צעלייגט פרוכט אויף טעלער).

**פריידל:** איך האָב באַגעגנט די יינגלעך האָבן זיי ביט אַנדערש געוואָלט וויסן וואו איך אייל זיך אַזוי (צוקומענדיק נעענטער צום טיש) איז ווי מיינסטו, אָט זאָג איך זיי — באַלד ... (קאָקעטיש) געטראָפן דאָס אָרט.

**ראָזע:** האָסט זיי געדאַרפט איינלאַדן, אַ נאַרישקייט ...

**פריידל:** זיי איינלאַדן? באַרעדערס, עסן זיך אָן מיט גוטע זאַכן און נאָכדעם באַרעדן זיי.

די מיידלאַך בינדן אויס די פעקלאַך וואָס פריידל האָט געבראַכט, און צעלייגן עס אויף טעלער).

**פיידי:** וואָס האָסטו זיך אַזוי געזאַמט פריידל?

**פריידל:** פאַרשטייסט דאָך טייערינקע, איך האָב זיך דאָס קליידל גענייט אַליין, פאַרשטייסט, אַליין זי גענייט (דרייט זיך אַרום קאָקעטיש און ווייזט די קליידל) **איז ווי געפעלט זי דיר? — יאָ, איז מיר ניט אויסגעקומען קיין צייט צו קויפן איר אַ פּרעזענט, האָב איך זיך עס איצטער אַריינגעכאַפּט אין אַ קראָם, — איז ווי געפעלט** דיר דאָס קליידל? אַליין. באמנות אַליין עס אויפגענייט.

**איינע פון די מיידלאַך:** אַליין — מיט דער מאַמעס האַנט.

**אַ צווייטע:** ווייז וואָס דו האָסט געקויפט.

**אַ דריטע:** לאָמיר זען, לאָמיר זען וואָס דו האָסט איר געקויפט.

**פריידל:** (אַרויסנעמענדיק פון אַ שאַכטל) קאַרעלן, אַ קרענצל קאַרעלן, (האַלט עס אין האַנט און ווייזט עס אַלעמען).

**סיידי:** קאַרעלן?!

**פריידל:** זיי געפעלן דיר?

**בעלאַ:** און איך האָב דאָך איר אויך געקויפט קאַרעלן (ווייזט אירע קאַרעלן).

**איינע פון די מיידלאַך:** און איך אויך (ווייזט אירע).

**אַ צווייטע:** און איך אויך ווייזט עס).

**אַ דריטע:** און איך האָב אויך געבראַכט קאַרעלן (ווייזט עס).

**אַ פערטע:** און איך האָב געמיינט אַז איך וועל זיין די איינציקע.

**אַ פינפטע:** איך האָב זיך דעם קאָפּ געבראָכן וואָס איר צו קויפן. **האָב איך** קיין פּאַסיקערע זאַך ווי אַ שנירל קאַרעלן ניט געקאָנט אויסטראַכטן. (ווייזט אירע קאַרעלן).

**מיני:** (פּראַלט אַריין אַ פאַרסאָפּעטע).

**פריידל:** וואו ביזטו דאָס אַזוי געלאָפן.

**מיני:** (שווער אָטעמענדיק און האַלט זיך ביים האַרצן פון מידקייט) **נאָך גוט וואָס איך האָט עס געוויזן,** (וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם מאַנטל), **האָב איך עס נאָך** געקאָנט אומבייטן, אָט וועל איך עס אייך טאַקע ווייזן (עפנט דאָס שאַכטל) **לאַ בעלאַ דאַ פאַרי, ריכטיקע פראַנצויזישע אימיטאַציע.**

**אַלע אויסער מיניץ:** קאַרעלן? (צעפאַלן זיך אין די שטולן געפּלעפטע).

**מיני:** (דערשטוינט און פאַרלוירן) **נו, יאָ, — וואָס איז — וואָס איז געשען?**

**סיידי:** (לאַכט), קאַרעלן, און קאַרעלן, און דו אויך קאַרעלן (לאַכט).

**מיני:** (אין פאַרלעגנהייט) **נו, יאָ, איז וואָס?**

**סיידי:** אַ וואָסערע צען שנירלעך קאַרעלן האָט זי שוין! **און באַלד דאַרפן** קומען נאָך מיידלעך, וואַרט נאָר, וואַרט.

**מיני:** (באַגרייפנדיק קאָקעטיש) נו, וועלן מיר עס אַליין טראָגן. מיידלעך מען גייט שוין פון די שולן איילט זיך צו. (נעמען זיך צו דער אַרבעט, אַלע הויבן זיך אָן צוצואיילן). איך האָב באַגעגנט די ייִנגלעך האָב איך זיי איינגעלאַדן.

**פריידל:** (מיט פאַרדרוס) האָסט זיי איינגעלאַדן?

**מיני:** זיי זיינען אַוועק ברענגען זייערע אינסטרומענטן. אוי וועט עס זיין פריילעך, מיידלעך. סעם נעלסאָן וועט שפּילן די פידל, חיים אַברייעז, די גיטאַר, מאָריס לאַרקין, די מענדאָלין, דזשים לעווין, טאָם הורוויץ און ביל קאַפּלאַן די באַלאַלייקעס, און מיר מיידלעך וועלן טאַנצן. (שפּרינגט אונטער).

**פריידל:** באַרעדערס אַזוינע, סט'שוין זען, ס'וועט דיך פאַרדריסן.

**סיידי:** (באַטראַכטנדיק דעם צימער, וועלכער איז פאַר דער צייט געוואָרן דעקאָרירט) אויסגעצייכנט, אויסגעצייכנט, איך זאָג אייך, מיידלעך — איך זאָג אייך (כאַפּט אָן אַ מיידל און הויבט מיט איר אָן אַרומשפּרינגען) עס איז וואונדערבאַר, וואונדערבאַר, גיט נאָר אַ קוק, גיט נאָר אַ קוק. (אַלע מיידלעך צעשטעלן זיך אין פאַרשיידענע ווינקלען, און באַטראַכטן דעם צימער).

**סיידי:** (לויפט פון איין מיידל צו דער צווייטער) איז וואָס האָב איך דיר געזאָגט? (טאַנצט מיט זיי, עס ווערט אַן אַלגעמיינער גערודער, אַ טאַנצעריי, אַ שפּרינגעריי).

**ראָזע:** זי קאָן נאָך אָנקומען אומגעריכט.

**סיידי:** מיר זיינען שוין פאַרטיק, איצט מעג זי קומען (שפּרינגט אַרום פון איין מיידל צו דער צווייטער).

**בעלאַ:** (אַרויסקוקנדיק פון פענצטער) מען גייט שוין מיט די דיפּלאָמעס.

**סיידי:** (ציט אַרונטער די פאָרהאַנקעס), אוי, בין איך אומגעדולדיק, איך וואָלט געוואָלט זי זאָל שוין קומען.

**ראָזע:** און איך וואָלט געוואָלט זען ווי זי וועט זיין איבערראַשט. (עס הערט זיך אַ קלונג).

**סיידי:** טייערינקע, זע ווער עס קלינגט.

(אַ מיידל גייט אַרויס און קומט גלייך צוריק).

**מיידל:** די ייִנגלעך.

**סיידי:** פיר זיי אַריין אין פאָדער צימער, (מיידל אָפּ).

**בעלאַ:** מען האָט געדאַרפט אימיצן אַרויסשיקן און זי אָפּוואַרטן. (די מיידלאַך גלייכן אויס פאַרשיידענע קלייניקייטן אין צימער).

**סיידי:** איז טאַקע גוט וואָס דו האָסט דערמאָנט (צו ראָזען), גיי דו ראָזעלע,

(צו אַ צווייטער מיידל) און דו אויך טייערינקע, און אַז איר וועט זי זען אַנקומענדיק, זאָל איינע פון אייך זי פאַרהאַלטן און די צווייטע זאָל אונדז אָנזאָגן. (ראָזע און נאָך אַ מיידל אָפּ, עס הערט זיך אַ קלונג).

**פריידל:** זעט ווער עס קלינגט.

**סיידי:** גיי דו, טייערינקע און זע ווער איז דאָרטן.

**פריידל:** (אָפּ און דערשיינט מיט אַ היפּשער גרופּע מיידלעך) די מיידלעך זיינען געקומען.

**סיידי:** פיר זיי אַריין, נאָר שנעלער, שנעלער.

**פריידל:** (אָפּ און דערשיינט מיט אַ היפּשער גרופּע מיידלאַך מיט ביכער, און פּעקלאַך אין די הענט. טוען זיך אויס).

**מיני:** (צו די יינגלעך דורך דער טיר) יינגלעך, ווען זי וועט אַריין זאָלט איר אויפשפּילן מענדלסאָנ׳ס חתונה מאַרש. גרייט זיך מען גייט שוין פון די שולן.

(די יינגלעך שטעלן אָן זייערע אינסטרומענטן, אָפּגעריסענע טענער צעטראָגן זיך פון זייטיקן צימער).

**ראָזע:** (לויפט אַריין, קאָן דעם אָטעם ניט כאַפּן), סיידי!

**סיידי:** זי קומט?

**עטלעכע מיידלעך:** זי איז שוין דאָ? (שפּרינגען, אומגעדולדיקטע, און פּאַטשן מיט די הענט).

**ראָזע:** (האַלט זיך ביים האַרצן) סיידעלע, טייערינקע, אַז, אַז איך (די ווערטער בלייבן איר שטעקן אין האַלדז) אַז איך קאָן עס גאָר ניט אויסריידן.

**סיידי און אַנדערע מיידלעך:** וואָס איז געשען?

**ראָזע:** (וויינענדיק) אַן אומגליק, אַן אומגליק, אַ גרויסער אומגליק.

(אַלע רינגלען איר אַרום).

**סיידי:** וואָס? וואָס איז געשען? וואָס איז געשען, זאָג, שנעלער, דערצייל וואָס איז געשען.

**ראָזע:** (צעבראָכן) זי איז געבליבן „לעפּט בעק״.*)

**סיידי:** (געטראָפּן) וואָאָאָס? ל־לעפּט, — לעפּט בעק? ווער? וואָס? ווער איז לעפּט בעק?

**ראָזע:** (אין שטילן טאָן) מירל.

**סיידי:** (פאַלט צוריק אין אַ שטול, נאָך אַ לענגערער פּאָזע) מירל? מירל לעפּט בעק? מירל?

---

*) געבליבן אויף נאָך אַ יאָר אין זעלבן קלאַס לערנען.

**אַלע:** (אין איין טאָן) מירל לעפּט בעק? מירל, מירל לעפּט בעק? (בלייבן שטיין מיט אָפענע מײַלער. אַ לאַנגע פּאַוזע).

**סיידי:** (קומענדיק צו זיך) האָסט זי געזען?

**ראָזע:** איך האָב באַגעגנט גאָסי דראַפּקין, האָט זי מיר דערציילט.

**סיידי:** (אויפשטייענדיק) מיידלעך טייערינקע, העלפט ברענגען דאָס הויז אין אָרדנונג, (רייסט די דעקאָראַציעס פון פענצטער, פון די ווענט) מען דאַרף עס שוין ניט, מען דאַרף ניט זי זאָל עס זען (רייסט די לאַמטערנעס אַרונטער) קיין זאַך ניט, ניט איצט, ניט איצט, מיידלעך, פון טיש! נעמט אַלץ פון טיש אַרונטער, זאָל זי קיין זאַך ניט באַמערקן ווען זי וועט אַריין, קיין זאַך ניט. (די מיידלאַך ראַמען פון טיש אַראָפּ, פון זייטיקן צימער דערטראָגן זיך אָפּגעריסענע קלאַנגען פון מענדעלסאָנס חתונה מאַרש. צו די יינגלעך) די שמחה, יינגלעך, איז אָפּגעלייגט, אַ שיינעם דאַנק פאַרן קומען, לאָזט זיך אַ צווייטן מאָל ניט בעטן.

(אַן אַלגעמיינער גערודער. די אינגלאַך קומען אַריין, קוקן זיך איבער און רעדן שטיל צווישן זיך. די מיידלאַך מישן זיך אויס מיט זיי און גייען אײַנציקווײַז אַרויס, אַלע אַפּ).

## פ ע ר ט ע  ס צ ע נ ע

**מירל, די באָבע, די מאַמע, נאָכדעם אַלע קינדער.**
**מירל אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד, אַ בוקעט בלומען און אַ דיפּלאָמאַ.**
**טוען זיך אויס.**

**מאַמע:** נו איצטער טאָכטער וועלן מיר — אוי ווי איז מיר, עס האָט געמוזט — לויפט שנעל אַרויס).

**באָבע:** (אַרויספּלאָנטערנדיק זיך פון מאַנטל) אָט ווי זלמן, ווען ער איז געקומען פון פּליעוונע. פונקט ווי זלמן, מיט אַ מעדאַל, מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל.

**מירל:** (קאָקעטיש) האָט זלמן הייסט עס אויך אויסגעהאַלטן די פּליעוונע, מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל??

**באָבע:** אַ גוטער מענטש געווען זלמן, אַ וואוילער מענטש, פּלעגט ליב האָבן אַרומצושפּילן זיך מיט קינדער, דאַכט זיך אַן עלטערער מענטש, און גאָר ווי אַ קינד, פּלעגט זיך אָנטאָן אין זיינע זעלנערשע קליידער, דעם מעדאַל אויפן האַרצן, אַרומ־קלייבן אַרום זיך אַ סך קינדער און פּלעגט זיך שפּילן מיט זיי אין סאָלדאַטן. אַליין מיט דער הילצערנער פוס פּאַראויס ווי אַ גענעראַל אויפן פערד, און די קינדער נאָך

אים, פלעגט ער מאַרשירן מיט זיי און זינגען אַ מאַרש ליד וואָס ער האָט זיי אויסגעלערנט. (מאַרשירט נאָכן טאַקט, בעת זי דעקלאַמירט).

איינס און צוויי און דריי און פיר
אָט אַזוי מאַרשירן מיר,
באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ,
די ברוסט פּאָראויס, און גלייך דעם קאָפּ.
רעכטס און לינקס, און לינקס און רעכטס,
ניט קיין זיפץ, און ניט קיין קרעכץ,
מאַרשירן זיי שטיל און שטום.

מאַרשירן זיי, מאַרשירן זיי, וואַרט, וואַרט — איך האָב זיך — עט — שוין פאַרגעסן, פאַרגעסן, אַמאָל האָב איך עס אינגאַנצן, ביזן סוף געקענט. יאָ, ביזן סוף, פלעג דאָס אַזוי, אָן אַן אָפּהאַלט, ווי אַ וואַסער, (זיפצט). אַ מעסער אַז עס ווערט אַלט, ווערט עס אויך שטומפּיק. (זיפצט און זעצט זיך אַוועק).

**מירל**: דו האָסט דאָך מיר שוין אַזוי פיל מאָל דאָס דערציילט, באָבע, איז צו וואָס האָסטו זיך איצט ווידער גענומען דערציילן. — אָט בעסער וואָלסטו מיר געהאָלפן, עס האָט זיך פאַרהאַקט, און איך קען עס ניט לויז מאַכן.

**באָבע**: דיין מעדאַל, טאָכטערקע, האָט מיר אָן זלמנען דערמאָנט... (וויל לויז מאַכן איר מאַנטל) אָט — אָט — אַז די הענט, טאָכטערל, דינען ניט, דאַכט זיך, איך האָב עס און — און אָט, אָט, ניט אָנצוכאַפּן. שטעל זיך נאָר אַזוי, אָט אַזוי. דינען שוין ניט ווי געוועז.

**מאַמע**: (לויפט אַריין מיט אַ פאַרברענטן טאָפּ) פינצטער איז מיר — זעט נאָר זעט! סיידי! סיידי! (אין אויפרעגונג) אַז מען זאָל זיך עס קענען פון דאַנען אַהין, סיידי! סיידי!

**סיידי**: (דערשיינט) האָסט מיך גערופן? (מאַמע וויל עפּעס זאָגן, נאָר מירל האַקט איר איבער די רייד).

**מירל**: די באָבע, סיידי, וויל דיר דערציילן די מעשה מיט זלמנען, גאָר פון אָנהויב אָן.

**סיידי**: (באַמערקט מירלס מעדאַל און וואַרפט זיך אויף איר קושן).

**מאַמע**: זע, וואָס ס'איז פון דעם וואַרמעס געוואָרן, האָסט — — — — — — —

**סיידי**: (אין עקסטאַז) מירל, האַרציקע, אַבי איך האָב געמיינט (לאָזט זיך צום

טיר און רופט) יינגלעך, מיידלעך, אַהער, אַהער. אַלע, אַלע אַהער. (די קינדער דערשיינען. אַן אַלגעמיינע באַוועגונג) לאָמיר קינדער אַלץ אויף צוריק אַלץ אויף צוריק (די קינדער דעקאָרירן דעם צימער מיט אַ פיבערהאַפטיקער שנעלקייט, צו מירלען) מיר האָבן געוואָלט דיך סופּרייזן, נו האָסט גאָר אונדז סופּרייזט.

**באָבע:** (פּאַרטיפט אין דעראינערונגען)

**רעכטס און לינקס, און לינקס און רעכטס,**

**ניט קיין זיפץ און ניט קיין קרעכץ**

**מאַרשירן זיי שטיל און שטום,**

**מאַרשירן זיי, מאַרשירן זיי** (פאַרטראַכט זיך) **מאַרשירן** (שפּרינגט אויף). **איך האָב עס מירעלע, איך האָב עס...**

**מירל:** וואָס?

**באָבע:** **אָט הער זיך איין ווי עס גייט:**

**ניט קיין זיפץ און ניט קיין קרעכץ,**

**שטיל און שטום מאַרשירן זיי,**

**איינס און איינס, און איינס און צוויי.**

**מירל:** **סיידי און איר אויך קינדער, מירן זיין סאָלדאַטן, און די באָבע וועט ווי זלמן לעזן דאָס ליד, מאַרשירן פאָרויס און מיר נאָך איר.**

**באָבע:** גוט קינדערלאַך, **לאָמיר עס טאַקע טאָן** (באָבע פאָרויס, די קינדער נאָך איר זינגען און מאַרשירן)

**איינס און צוויי און דריי און פיר,**

**אָט אַזוי מאַרשירן מיר,**

**באַרג אַרויף, און באַרג אַראָפּ,**

**די ברוסט פאָרויס און גלייך דאָס קאָפּ.**

**רעכטס און לינקס, און לינקס און רעכטס,**

**ניט קיין זיפץ, און ניט קיין קרעכץ;**

**שטיל און שטום מאַרשירן מיר,**

**איינס און צוויי און דריי און פיר.**

**מירל:** (קושט די באָבע).

**מאַמע:** (באַזאָרגט) **אָבער וואָס וועלן מיר איצטער עסן, וואָס?** (קוקט אויפן פאַרברענטן טאָפּ).

**סיידי:** **וואָס מיר וועלן עסן, ווילסטו וויסן? מיידלעך, אַהער מיט די פּעקלעך**

(מען גרייט צום טיש, אַלגעמיינע באַוועגונג). **אַבי איך האָב געמיינט אַז דו ביזט געבליבן לעפּט בעק.**

**גאָסי**: (דורכן פענצטער), **אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט.** (ווייזט אַ נאַר).

**סיידי**: **קום אַריין, קום אַריין.**

**גאָסי**: **האָסט מיך באַדאַרפט איינלאַדן צוגלייך מיט אַלעמען...**

(אַן אַלגעמיינער טומל. קינדער צעזעצן זיך אַרום טיש און ביי די ווינקלען פון צימער. מען עסט, מען זינגט און מען שפּילט).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# יאַגדעס

## (שפּיל אין פיר סצענעס)

### פּערזאָנען:

דוד
שמואל
משה
לייבע
חיים
(קינדער צווישן ניין און צען יאָר אַלט)

### ערשטע סצענע

דוד שמואל און משה מיט קוישען אין די הענט

**דוד**: (שטעלט זיך אָפּ און קוקט אַרום ניטאָ. (צו שמואלן און משהן) זיי זיינען דאָ אויך ניטאָ.

**משה**: (אַרויסקומענדיק צום פאָדערגרונט) איז, וואָס האָב איך אייך געזאָגט?

**שמואל**: לאָמיר אַריבער צום אויסגעהאַקטן וועלדל (וויזט רעכטס צום וואַלד) דאָרטן וואַקסן אַ סך יאַגעדעס.

**דוד**: (באַזאָרגט) וואָס גייען מיר אָן יאַגעדעס?

**שמואל**: איך מיין אפשר האָבן זיי זיך אַהין פאַרקליבן?

**דוד**: (נאָכטראַכטנדיק) און אפשר?

**משה**: צו וויט צו גיין צום אויסגעהאַקטן וועלדל. לאָמיר זיי דאָ אַ זוך טאָן (אוועקשטעלנדיק זיין קוישל) אָט וועל איך אויף דעם בוים אַרויף, אויפן רעכטן שפּיץ און פון דאָרט וועל איך זיי רופן.

**דוד**: מאַך דאָס אָבער, איינס און צוויי!

**משה**: וועסט זען, ווי איך קען קלעטערן (הייבט אָן קריכן פון צווייג צו צווייג,

דערקריכט ביזן שפּיץ, און פון דאָרט אַרונטער רופט ער) יוהו, יוהו, יוהו. (דוד און שמואל הערן זיך איין, משה חזרט איבער זיין רוף) **אַ לאַנגע פּאַוזע.**

**דוד: זיי ענטפערן ניט.**

**שמואל: ווי עס ווייזט אויס הערן זיי ניט.**

**משה:** (פון בוים אַראָפּ) **יוהו! יוהו! יוהו!**

**שמואל: דאָס אויסגעהאַקטע וועלדל איז ווייט פון דאַנען, און דער וואַלד איז אַ געדיכטער, הערן זיי אונדז ניט.**

**דוד:** (באַזאָרגט) **איך האָב מורא, שמואל...**

**שמואל:** (מאַכענדיק האַרץ) **עס נאַרישקייט... ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.**

**דוד: עפּעס איז ניט גלאַט מיט זיי.**

**שמואל: מאַך זיך ניט נאַריש, דוד.**

**דוד: דו מיט דיינע אויפטואונגען** (משה קריכט פון בוים אַרונטער און דערנעט זיך צו דוד און שמואלן).

**שמואל: חיים האָט זיך באַרימט אַז ער ווייס אַן אָרט וואו יאַגעדעס איז מיט די הויפענס צו שאַרן.**

**משה:** גוט אויף זיי, אַז מען גייט צוזאַמען, בעדאַרף אַלץ זיין בשותפות. ער׳ט מורא געהאַט. מירן ביי אים אויסכאַפּן די יאַגעדעס.

**שמואל: פון שטיין דאָ וועט גאָר גישט ניט ווערן.**

**דוד: לאָמיר גיין צום אָפּגעהאַקטן וועלדל, מען קען אַמאָל ניט וויסן.**

**משה: אַז איך זאָג אייך עס איז אומזיסט** (דוד און שמואל ענטפערן אים ניט, און הייבן אָן צו גיין. משה נעמט זיין קוישל און יאָגט זיי אָן).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

## צ ו ו י י ט ע ס צ ע נ ע

**די בינע בלייבט ליידיק אַ קורצע וויל, פון דער לינקער זייט וואַלד ווייזן זיך חיים און לייבע מיט קוישלעך אין די הענט.**

**לייבע:** (אַ פאַרצערנטער, אַ פאַרקלערטער, קוים וואָס ער שלעפּט די פיס) **איז וואו, איז וואו זיינען זיי דיך?**

**חיים:** (אַנטוישט, אין פאַרלעגנהייט) **אַז איך האָב זיי אַליין געהערט, אָט, אָט ערשט נאָר וואָס געהערט.**

**לייבע:** דאָס האָט דיר זיך אויסגעדוכט אַזוי. (נאָך אַ קורצער פּויזע) אַז אַלץ דוכט זיך דיר, עס האָט זיך דיר געדוכט דאָס דו ווייסט אַן אָרט וואו יאַגעדעס איז מיט די הויפנס צו שאַרן (לאָזט זיך אַרונטער אַ פּאַרמאַטערטער, אַ פאַרצוויפלטער).

**חיים:** אַז איך זאָג דיר לייבעלע, אַז איך האָב זיי אַליין געהערט.

**לייבע:** (דורך טרערן) אָט בעסער וואָלטן מיר זיך ניט אָפּגעטיילט פון זיי.

**חיים:** אַז איך קען שווערן אַז איך האָב זיי געהערט רופנדיק.

**לייבע:** (דורך טרערן) אַלץ הערסטו און אַלץ ווייסטו, איז פאַרוואָס ווייסטו ניט דעם וועג אַהיים?

**חיים:** (אויפשטעלנדיק זיך). לאָמיר זיך לאָזן מיטן וועג לייבעלע, אפשר וועלן מיר זיי אָנטרעפן, דערווײַלע וועלן מיר אָנקלייבן קוישען מיט יאַגעדעס.

**לייבע:** (וויינענדיק) איך דאַרף ניט קיין יאַגעדעס, איך וויל גיין אַהיים: אַהיים וויל איך (וויינט).

**חיים:** (גערירט) איז אָט נאַ דיר, נאַ זשע דיר מיינע יאַגעדעס. נעם זיי אינגאַנצן. וואַרפט די יאַגעדעס פון זיין קוישל אין לייבעלעס קוישל).

**לייבע:** (וויינענדיק) איך וויל ניט קיין יאַגעדעס, אַהיים, אַ היים וויל איך.

**חיים:** (צערטלעך) נאַ דיר מיינע קוקערלעך, קענסט דאָס האָבן אויף תמיד לייבעלע. (צערטלט אים).

**לייבע:** (נעמט די קוקערלעך) אַז די מאַמע וועט ניט וויסן וואו איך בין (עס הערט זיך אַ פּייף).

**חיים:** (אויפשפרינגענדיק) הערסט?

**לייבע:** וואָס?

**חיים:** איך האָב געהערט אַ פּייף.

**לייבע:** (ווישט זיך די אויגן), ס'איז אַ פויגל אַזאַ.

**חיים:** ניין, ניט קיין פויגל, עמעץ פון זיי, שטיי דאָ לייבעלע, און איך וועל לויפן נאָכן פּייף נאָך, און זיי אויפזוכן.

**לייבע:** איך האָב מורא צו פאַרבלייבן אַליין.

**חיים:** טו קום זשע מיט.

**לייבע:** אַז עס האָט זיך בלויז אויסגעדוכט (עס הערט זיך ווידער אַ פּייף, דאָס מאָל דייטלעכער).

**חיים:** (ענטפערט אָפּ) יוהו, יוהו, יוהו, (צו לייבען), קום שנעלער, קום.
(חיים און לייבע אָפּ לינקס צום וואַלד, גייענדיק רופן זיי) יוהו, יוהו, יוהו.

## דריטע סצענע

דוד, שמואל און משה לויפן, יאָגן איינער דעם צווייטן אַריבער, דאָ לויפן זיי איבער דער סטעשקע, דאָ איבער די גראָז, איינער פאַרלויפט דעם צווייטן אין וועג, פאַלט שיעור ניט אום, יעדער וויל זיין דער ערשטער. קומען צום פאָדער־גרונט. שטעלן זיך אָפּ, און קוקן זיך אַרום).

**משה:** נו, וואו זיינען זיי?

**שמואל:** (אָטעמט שווער) אַז — אַז איך האָב זיי ערשט נאָר־וואָס געהערט.

**דוד:** לאָמיר זיי דאָ גוט זוכן. אפשר שפּילן זיי זיך אין באַהעלטעניש מיט אונדז?

**משה:** (צו שמואלן) נו, איצט ביסטו שוין צופרידן? אין דעם אויסגעהאַקטן וועלדל אויך שוין געווען (דוד זוכט זיי אַרום).

**דוד:** (זוכנדיק) יוהו, יוהו, יוהו.

**שמואל:** ווייס איך טאַקע ניט וואָס מען טוט איצט.

**משה:** דו ווייסט ניט וואָס מען טוט? מען נעמט די קוישלעך, מען קלייבט יאַגעדעס און מען גייט אַ היים. זיי זיינען שוין פון לאַנג אין דערהיים, און מיר דרייען זיך דאָ אַרום אומזיסט (צו דודן) בעסער נעם דיין קוישל און אָנשטאָט זיי צו זוכן, זוך בעסער אויס אַן אָרט וואו מען קען אָנקלייבן צייטיקע יאַגעדעס.

**דוד:** (אויפגערעגט) דו קענסט זיך קלייבן יאַגעדעס אויב דו ווילסט, און איך וועל זיי אויפזוכן (צו שמואלן) וואָס זאָגסטו שמואל?

**שמואל:** אַז איך זאָג דיר אַז איך האָב זיי אַליין געהערט.

**משה:** (נעמט זיין קוישל און קומט נאָך די איבעריקע און ווען זיי זעען ניט ליידיקט ער אויס זייערע קוישלעך אין זיינעם; צו דודן און שמואלן) איר קענט זיך טאָן וואָס איר ווילט, איך אָבער וועל זיך מער דאָ ניט אַרומדרייען מיט אייך (משה אָפּ).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

## פערטע סצענע

(שמואל און דוד)

**דוד:** מיין האַרץ רייסט אין מיר, איך בין אַזוי אומרואיק, אַזוי אומרואיק (פּאַוזע), שמואל, — וואָס טוען די ציגיינער מיט די קינדער וואָס זיי כאַפּן?

**שמואל:** צו וואָס פרעגסטו מיך?

**דוד:** אַזוי גלאַט אַזוי (נאָך אַ קורצער פּאַוזע) נעכטן זיינען ביי אונדזער הויז פאַרבייגעפאָרן אַ גאַנצער קאַראַוואַן מיט ציגיינער.

**שמואל:** (נערוועז) איז צו וואָס דערציילסטו מיר דאָס?

**דוד:** מען הערט זיך אַזוי פיל אָן...

**שמואל:** מיינסטו טאַקע?...

**דוד:** איך וויל ניט טראַכטן דערפון, נאָר ניט ווילנדיק טראַכט זיך (פּאַוזע) שמואל, זאָג מיר שמואל, וואָס וועלן מיר טאָן אויב עס זאָל זיך אַרויסווייזן אַז די ציגיינער האָבן זיי געכאַפּט?

**שמואל:** (מאַכנדיק האַרץ) האָסט זיך אַריינגענומען אַ נאַרישקייט אין קאָפּ, און וואַרפסט אויף מיר אָן אַ שרעק.

**דוד:** (איינגראָבנדיק דעם קאָפּ אין די ווענט) ווי וועלן מיר אַהיים גיין אָן זיי?...

**שמואל:** נאַרישקייט, נאַרישקייט, וואָס האָסטו זיך איינגערעדט?

**דוד:** נאַרישקייטן, נאַרישקייטן זאָגסטו! עס איז דיר גוט צו זאָגן נאַריש-קייטן, אַט ליגן זיי דאָרטן געבונדענע ביי די ציגיינער, און מיר? אונדז האָט זיך פאַרוואָלט יאַגעדעס, יאַגעדעס האָט זיך אונדז פאַרוואָלט (אין עקסטאַז) נו, אַט האָסטו דיר יאַגעדעס!

(עס הערט זיך אַ בילן פון אַ הונט, און אַ האָז ווי פון עמיצן געיאָגט לויפט זיי פאַרביי, און פאַרשווינט. דוד און שמואל שפּרינגען אויף דערשראָקענע).

**דוד:** (קומענדיק צו זיך) זיי זיינען דאָ ניט ווייט פון אונדז.

**שמואל:** ווער, וועמען מיינסטו?

**דוד:** די ציגיינער. לאָמיר אַוועק פון דאַנען שמואל, לאָמיר אַוועק.

**שמואל:** אויב דו ווילסט... אָבער וואָס האָסטו זיך אַריינגענומען אין די געדאַנקען?

**דוד:** שנעלער, שנעלער אַוועק פון דאַנען, זיי האָבן זיך אויף געיעג געלאָזן, וועלן נאָך אונדז אויך כאַפּן.

**שמואל:** (נעמט זיך אָן פון דודס שרעק). וואו וועלן מיר איצט לויפן, זיי קענען אונדז דערזען, לאָמיר זיך ערגעץ פאַרשטעקן.

(שמואל און דוד פאַרבאַהאַלטן זיך אין די קוסטעס).

**דוד:** (נאָך אַ לאַנגער פּאַוזע) איז צו וואָס האָבן מיר עס אינגאַנצן געדאַרפט?

## פינפטע סצענע

### די זעלבע און משה, לייבע און חיים

**שמואל:** (פון צווישן די קוסטעס) דיינע פיס, גזלן, דיינע פיס שטעק אַריין.

**דוד:** (מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם) שוויג, שריי ניט אַזוי. (פאַרשטעקן זיך).

**שמואל:** די קוישלעך, די קוישלעך, אַן די קוישלעך וועלן זיי פאַרשטיין אַז עמיץ באַהאַלט זיך דאָ.

**דוד:** שווייגסט, צי ניין? (פאַזע).

איינער פון די אינגלאַך, יוהו, יוהו, יוהו.

**שמואל:** זיי האָבן אונדז דערזען ווי, ווי, מיר זיינען פאַרלאָרן.

**דוד:** (קריכט לאַנגזאַם פון קוסט אַרויס, דערזעט די יינגלעך) יע שמואל מיר זיינען פאַרלאָרן (לאַכט).

**שמואל:** (ליגנדיק אין קוסט) דוד!

**דוד:** אַהער, שנעלער, זיי זיינען דאָ.

**שמואל:** ווי איז מיר, ווינד איז מיר, וואָס וועלן מיר איצט טאָן? וואָס וועלן מיר איצט טאָן...

**דוד:** וואָס האָסטו זיך דאַרטן אַזוי צעוויינט אויב דו קריכסט ניט אַרויס מיט גוטן וועל איך דיר פאַר די פיס אַרויסשלעפּן.

משה, לייבע און חיים דערנענטערן זיך).

**דוד:** שנעלער אַביסל וואָס קריכט איר אַזוי (שמואל רוקט זיין קאָפּ אַרויס).

**שמואל:** דו האָסט דאָך גלייך געקענט זאָגן (קריכט פון די קוסטער אַרויס).

**דוד:** אַבי, מיר האָבן געמיינט...

**משה:** זעט איר, האַ?

**דוד:** (נעמט זיין קוישל) שנעלער קינדער אַ היים, אָבער (באַמערקט זיין ליידיקן קוישל) — וואו זיינען מיינע יאַגעדעס? (משה רוקט זיך אויף צוריק).

**שמואל:** (אַריינקוקנדיק אין זיין קוישל) און מיינע וואו זיינען? מיינע.

(משה רוקט זיך אַלץ מער און מער אויף צוריק).

**דוד:** משה, משה, וואָס רוקסטו זיך אויף צוריק?

**שמואל:** אַהער מיט די יאַגעדעס, אַז ניט... אַז ניט... (וואַרפט אויף אים זיין ליידיק קוישל).

**חיים:** אַ דאגה, קינדער. קומט וועל איך אייך ווייזן אַן אָרט וואו יאַגעדעס איז מיט די הויפנס צו שאַרן.

**משה:** (פון דערווייטן) איך האָב זיי דאָך געפונען.

**לייבע:** ער? מיר האָבן אים גאָר געפונען. איז געזעסן אונטער אַ בוים און געגעסן יאַגעדעס פון קוישל אַרויס.

**דוד:** אַ כפּרה די יאַגעדעס, אַ היים, שנעלער, אַ היים (פאַרמעסט זיך אויף משהן, וואָס גייט זיי נאָך) און דו משה בענביק, מאָרגן גייען מיר קלייבן יאַגעדעס אָן דיר. (משה שפּרינגט אָפּ. דוד ווייזט אים אַ נאָז).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# דאָס בייטעלע

האָט איר שוין אַמאָל געפונען אַ טייסטער מיט געלט? ניין? — איך, אָבער, יאָ. און ווייסט איר וואו? איר וועט מיר אפשר ניט גלויבן, נאָר אויפן סאַמען טיימס סקווער. יאָ, אויף טיימס סקווער, וואו עס קאָכט און זידט מיט אימפּעדיקע, איילנדיקע און פאַרשמייעטע מענטשן; וואו פון פרי ביז העט אין דער שפּעטער שטונדע הערט ניט אויף דער געלאָף.

איז איילנדיק זיך אַזוי ערגעץ דורך טיימס סקווער, גיט זיך מיר אַ פלאָנטער עפּעס אונטער די פיס. איך גיב אַ קוק — ערשט אַ בייטעלע. אַ פרויען־בייטעלע פון פיינסטן קראָקאָדיל־לעדער, מיט זילבער באַפּוצט. הויב איך עס אויף, און מיט אַן עקזאָטישער פרייד, רוק איך עס אַריין אין מיין בוזים־קעשענע.

אירט דאָך הערן. געפין איך עפּעס, איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר מיין האַרץ הויבט אין מיר אָן אַזוי העפטיק צו קלאַפּן, אַז גלייך עס וואָלט מיר פּלוצלונג דער גרעסטער גליק געטראָפן. מעג עס זיין עפּעס, וואָס האָט פאַר מיר דעם מינדסטן ווערט.

און דאָ, אַז איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף אַזאַ פיינעם בייטעלע, איז מיין האַרץ מיר שיר ניט צעשפּרונגען פון פרייד. איך האָב זיך קוים דערשלאָגן צו אַ שטילן ווינקל, וואו איך האָב אומגעשטערט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן מיין געפינס.

און לאָמיך אייך זאָגן, עס האָט זיך זייער און זייער געלוינט. ערשטנס, דאָס בייטעלע, אָפּגערעדט פון דעם, וואָס עס האָט אַנטהאַלטן. נאָר דאָס בייטעלע אַליין איז געווען אַ מציאה צו געפינען. עס איז געווען אַ בייטעלע אויסגעאַרבעט מיט פיינעם געשמאַק; און אַ שלאָס האָט עס פאַרמאָגט גאָר, גאָר אַן אַנטיקל. קוקנדיק אויף אים וואָלט אייך גאָרניט איינגעפאַלן, אַז עס איז אַ שלאָס. נאָר ווען מען גיט עס אַ דריי אַהער און אַהין — צעעפענען זיך טיילן און אָפּטיילונגען, מיט פאַרבאָרגענע פאַרבאָרגענישן און וואו איר וואָלט זיך גאָר ניט געריכט; — אַ צי מיט אַ הענטל, און עס עפנט זיך נאָך

אַן אָפּטיילונג מיט אַ טייסטערל, וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן אויסער־ווענטל פֿונעם בייטל. איך עפֿן אויף דאָס בייטעלע, איז מיר אַזש הייס געוואָרן. דאָס ערשטע, וואָס האָט אַ ברי געטאָן מיין בליק, איז געווען אַ פּעקעלע גרינע באַנקנאָטן.

קיין זאַך, הערט איר, דערפֿרייט מיך ניט אַזוי, ווי ווען איך געפֿין געלט. און גלויבט מיר, אַז ס'איז ניט דערפֿאַר, וואָס איך בין געלט־גייציק. פֿאַרקערט, איך קען מיט אַ חברה צעטרענצלען אַמאָל ביזן לעצטן סענט, און עס הייבט מיר ניט אָן צו אַרן. נאָר אַז איך געפֿין אַמאָל אַ מטבע, איז עס ניט דאָס געלט, נאָר ווי זאָל איך אייך זאָגן? דאָס געפֿינען אַליין האָט מער באַדייטונג, ווי דאָס געפֿונענע.

עס וועט אפֿשר אויסקומען מאָדנע, נאָר, גלויבט מיר, אַז אין מזל גלויב איך ניט. פֿונדעסטוועגן, וועל איך אַ געפֿונענע מטבע ניט אויסגעבן, ניט דערפֿאַר, וואָס געפֿונען געלט איז מזלדיקער פֿון אַנדערע געלטער. אין אַזוינע זאַכן גלויב איך ניט. נאָר אויב עס איז געפֿונענע, האָט עס פֿאַר מיר אַן אַנדער סאָרט ווערט.

אַז דער ערשטער איינדרוק איז אַריבער, האָב איך אָנגעהויבן אויסצופֿאָרשן די איבעריקע טיילן און אָפּטיילונגען פֿון דעם בייטעלע. צווישן אַנדערע אומבאַדייטנדיקע זאַכן, וואָס איך האָב געפֿונען, איז געווען אַ שיין געהאַפּטע נאָז־טיכל; נעט צוזאַמענגעלייגט; אַ שפּיגעלע; אַ קאָמפּעקט מיט פּודרע און שמינק, אויף וועלכער צוויי בוכשטאַבן זיינען געווען אויסגראַווירט: „בי" און „סי"; און עטלעכע האָר־נאָדלען פֿון טונקעלן קאָליר, וואָס האָט דערציילט אַז די באַזיצערין פֿון דעם בייטעלע איז אַ ברונעטקע, אָדער אַ שאַטינקע.

אין איין אָפּטיילונג פֿון דער בייטעלע האָב איך טאַקע געפֿונען אַ פֿאָטאָגראַפֿיש בילד פֿון אַ יונג און זייער סימפּאַטיש מיידל, וואָס האָט זיך, געשפּילט מיט אַ הונט ערגעץ לעבן אַ הויז. אין הינטערגרונט פֿון דעם בילד האָט זיך דייטלעך אַרויסגעזען אַ קאַטעדזש.

אויף וויפֿל איך האָב געקענט אורטיילן פֿון דעם בילד, האָט זי אויסגעזען צו האָבן טונקעלע האָר.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אינגאַנצן זיכער בין איך ניט געווען, צי עס איז אַ בילד פֿון דער געוועזענער באַזיצערין פֿון דעם בייטעלע, צי אפֿשר פֿון אירער אַ פֿריינדין.

דאָס לעצטע, וואָס איך האָב געפֿונען איז געווען אַ פּאָר קעש קאָנטער־בילס פֿון אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר, און אַ ביכעלע פֿון טאַשן־פֿאָרמאַט, געבונדן אין ווייכן לעדער.

אַ גאַנץ פֿיין ביכעלע, האָב איך געטראַכט ביי זיך. וועט מיר טאָקע צוניץ קומען. און איך נעם זיך עס בלעטערן.

איך האָב זיך אָבער באַלד אַנטוישט. צוניץ קומען קען עס מיר ניט, עס איז אינגאַנצן פֿאַרשריבן. יעדעס בלעטל מיט דריבנע בוכשטאַבן, און געדיכט, ווי פּערל, אָנגעצויגן שטייף אויף אַ זיידענעם שנירל.

נאָר דאָ האָט מיין מאַנצבילישע פֿאַנטאַזיע אין מיר זיך צעשפּילט. איך האָב זיך גענומען זי פֿאַרשטעלן אין מיינע געדאַנקען. ווערדליק דעם בילד מוז זי זיין זייער אַ שיינע און ווייזט אויס צו האָבן, אַ גראַציעזע פֿיגור. און ווערדליק ווי זי האָט געהאַלטן אירע זאַכן אין דעם בייטעלע, קוקט זי אויס צו זיין זייער אַן אַקוראַטנע, אַ נעטע. און נאָך איר האַנטשריפֿט נאָך איז צו זען, אַז זי איז אַ געזעצטע, אַן אַנטשיידענע. און עס האָט מיר אָנגעהויבן אַ קליין ביסעלע באַנג צו טאָן אויף איר. זי וועט זיך נעבעך ערגערן צוליבן פֿאַרלוסט. נאָר דאָס איז בלויז געווען אַ מאָמענטאַלער געפֿיל. די פֿאַרשריבענע בלעטלעך אין דעם טאַשן־ביכל האָבן מיך אָנגעהויבן צו אינטריגירן.

אָט אַזאַ מענטש בין איך. איך האָב אַלע מאָל ליב אַריינצוזוקן מיין נאָז, וואו מען דאַרף ניט. איך האָב פֿון אַלע מאָל ליב צו הערן פּליאָטקעס, רכילות. און ווען עס פֿאַלט מיר אַריין עמעצנס אַן אינטימער בריוו בין איך זיך פּשוט מחיה.

און דאָ, אַז גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַזאַ כשרע מציאה, אַ גאַנצן פֿאַרשריבענעם ביכעלע מיט ניט ווייניק מיידלשע סודות, איז דאָס פֿאַר מיר נאָך מער געווען אָנגעלייגט ווי דאָס געלט, און אַפֿילו פֿון דעם בייטעלע אַליין.

נאָר גלייך, ביים אָנהויב האָט עס מיך אַנטוישט. אָנשטאָט עפּעס פּיקאַנטעס, ווי איך האָב דערוואַרטעט, האָב איך זיך גאָר אָנגעשטויסן אָן עפּעס, וואָס האָט מיך אינגאַנצן אַראָפּגעשלאָגן פֿון מיין גלייכגעוויכט. לייענענדיק האָב איך זיך צופֿעליק אָנגעשטויסן אָן מענטשלעכעליידן, אָן מענטשלעכן צער. בלעטל נאָך בלעטל איז מיר אַלץ קלאָרער און דייטלעכער געוואָרן, אַז פֿאַרשריבן די בלעטלעך האָט אַ מענטש, וואָס לעבט איבער אַ טראַגעדיע. און ניט האָבנדיק פֿאַר וועמען איר האַרץ אויסצוגיסן האָט זי, אין איר איינזאַמקייט, אויף די בלעטער פֿון דעם ביכעלע אירע ליידן אויסדערציילט.

די בלעטלעך זיינען געשריבן געווען אין דער פאָרם פון אַ טאָג־בוך. אויף יעדן בלעטל נייע ליידן, און די ליידן שטייגן מיטן צאָל פון די פאַרשריי־בענע בלעטלעך, שטייגן ביז פאַרצווייפלונג, און געדאַנקען פון זעלבסטמאָרד וואַרפן זיך דורך.

אַ שוידער האָט מיך אַרומגעכאַפּט און אַ רחמנות צו דעם ליידנדיקן מענטשן.

איך האָב אָנגעהויבן ווידער אַמאָל צו זוכן אין דעם בייטעלע. דאָס מאָל ניט מער קיין כּשרע געפינסן, נאָר אפשר אַן אַדרעס, אפשר איז נאָך ניט צו שפּעט. און אַ גוט וואָרט פון אַ זייטיקן, פון אַ פרעמדן, קען זי אַמאָל דערמוטיקן, קרעפטיקן, און לייכטער וועט איר זיין אַריבערצוטראָגן אירע ליידן. אָבער אומזיסט. איך האָב קיין זאַך אין דעם בייטעלע ניט געפונען.

אַ פאַרצווייפלטער, האָב איך זיך געלאָזן צוריק אויף טיימס־סקווער, מיטן בייטל אין האַנט פראַק און פריי, אפשר זוכט זי נאָך אַרום איר בייטעלע, — האָב איך געטראַכט, און דערזעענדיק מיך מיטן בייטעלע אין די הענט, וואָלט זי זיך געלאָזט דערקענען, נאָר דאָס האָט מיר אויך ניט געבראַכט די געוואונטשענע רעזולטאַטן.

אַ מידער, אַ צעבראָכענער בין איך שפּעט אין אָוונט געקומען אַהיים.

מיין האַרץ איז מיר איבערפילט געווען פון מיין אומבאַקאַנטערס ליידן. אך, גאָט, גאָט מיינער! אַז אַ מענטש ווייס גאָר ניט, וואָס עס דערוואַרט אים. געמיינט האָב איך געפינענדיק דאָס בייטעלע, אַז מיך האָט אַ גרויסער גליק געטראָפן. נאָר אנשטאָט אַ גליק — אומגליק. יענערס ליידן זיינען איצט געווען מיינע ליידן. יענערס צער — מיין צער. צו מיר האָט דערגרייכט איר פאַרצווייפלטער געשריי, און איך ווייס ניט ווי אַזוי צו געבן איר מיין הילף.

שיינע, טייערע „בי" „סי", האָב איך מיט טיפן פאַרדרוס געטראַכט. מיין ליבע, מיין טייערע „בי" „סי". איך וואָלט דאָך דיר טרייסט געבראַכט, ווען איך ווייס דעם וועג צו דיר. איך וואָלט דאָס לעבן פאַר דיר מיט ראָזעווע פאַרבן געמאָלן, ווען איך ווייס, וואו דיך צו געפינען. מיין ליבע, מיין אומ־גליקלעכע „בי" „סי". פאַרוואָס האָסטו צווישן אָט די אַלע שיינע זאַכן אין דיין בייטעלע, דיין פולן נאָמען און אַדרעס פאַרבאָרגן? האָסט פאַר מיר אַנטפּלעקט דיינע ליידן אָבער פאַרוואָס האָסטו זיך אַליין ניט אַנטפּלעקט?

איך האָב זיך ווידער גענומען צו לייענען איר טאָג־בוך: — אַ גאַנצע

נאַכט האָב איך ניט געשלאָפֿן. און אָט לייענט זיך אין איינעם פון די בלעט־לעך: — „דעם גאַנצן טאָג האָב איך אין הויז ניט געקענט איינזיצן. עס האָט זיך מיר אַלץ געוואָלט לויפן, לויפן פון איין גאַס אין דער צווייטער, לויפן און שרייען און רופן דיך: טעדי, טעדי, טעדי!.. נאָר דער געדאַנק, טאָמער קומסטו, האָט מיך צוגעהאַלטן און מיך ניט געלאָזן דאָס הויז צו פאַרלאָזן.

„טעדי, אָ טעדי! פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון מיר? איך בין דאָך אַזוי גוט, אַזוי געטריי און אַזוי איבערגעגעבן געווען צו דיר! טעדי, אָ, טעדי! וואו ביסטו איצט? וואו געפינסטו זיך איצט? לעבסטו כאָטש? אָדער דיין פאַרויס־באַשטימטער פסק איז אויף דיר שוין דורכגעפירט געוואָרן? טעדי, מיין ליבער! מיין האַרציקער טעדי, עס גייט מיר מער קיין ניט אָן״.

און אָט לייענט זיך אויף אַן אַנדער בלעטל: „מיט טעדין איז אויך אַוועק מיין פרייד. זאָל איצט פאַסירן מיט מיר, וואָס עס וויל. עס האָט מיר נעכטן אַן אויטאָ שיר ניט איבערגעפאָרן. דער שאָופער האָט זיך שטאַרק צעשריען אויף מיר. איז פאַרוואָס איז ער מיך ניט איבערגעפאָרן?! נאָך איין שפאַן נאָר, וואָלט דאָך שוין געווען אַ סוף צו מיינע ליידן. אך, גאָט מיינער! נאָך איין האָר, נאָך איין האָר, וואָלט אַ סוף געגומען!״

אַלע דערגייען מיר די יאָרן אַלע, אַלע צאַפּן מיין בלוט. מיינע ברידער לאַכן און מאַכן חוזק פון מיר. מיין מוטער, אַז זי טרעפט מיך מיט פאַרווייגטע אויגן, שרייט אויף מיר, מיין פאָטער גייט אַרום אַ בייזער. „דו האָסט פון דעם הויז געמאַכט אַ גיהנום״ — וואַרפט ער מיר אויף.

אַזוי בלעטל, נאָך בלעטל. וואָס מער איך האָב געלייענט, אַלץ מער איז מיין רחמנות און סימפּאַטיע געוואַקסן צו דער אומבאַקאַנטער מיידל. טעג גאַנצע בין איך אַרומגעגאַנגען און געטראַכט פון איר. נעכט האָב איך ניט געשלאָפן. און ווי אַ נאַכט־וואַנדלער אַרומגעגאַנגען אין מיינע נאַכט־קליידער און אַלץ געטראַכט פון איר. און יעדן טאָג האָב איך נאָך אַמאָל און ווידער־אַמאָל דורכגעקוקט דאָס בייטעלע אפשר האָט זיך ערגעץ וואו פאַרוואַלגערט אַ נאָמען, אַן אַדרעס. נאָר פּלוצלונג איז מיר איינגעפאַלן אַ גע־דאַנק. אפשר אַמאָל אין דעם דעפּאַרטמענט־סטאָר, דעם זעלביקן טאָג, וואָס זי האָט פאַרלאָרן איר בייטעלע איז זי אין דעם דעפּאַרטמענט סטאָר געווען און זיך עפּעס־וואָס געקויפט. אפשר קען מען זי דאָרטן? אפשר קען

זי איינע פון די מיידלעךביים קאָונטער? איך וועל זיי ווייזן די קעש־רע־סיסטס. קען זיין אַז לויט די ׳רעסיטס׳־נאָך וועלן זיי וויסן ווער זי איז.

אָבער קיינער פון די מיידלעך ביי דעם קאָונטער האָט ניט געדענקט וועמען זיי האָבן די אַלע זאַכן פאַרקויפט. פון דאַן אָן האָבן זיך שוין אַזוי פיל מענטשן דורכגעוואָרפן, און זיי האָבן שוין אַזויפיל פון די זעלביקע זאַכן פאַרקויפט. זאָל איך בעסער פּרובירן דעם „לאָסט ענד פאָונד דעפּאַרט־מענט״.

מיין לעצטע שטרוי — און איך האָב זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט. אין דעם „לאָסט ענד פאָונד דעפּאַרטמענט״ האָט זיך אַרויסגעצייגט, האָט זיך עמעצער יאָ געמאָלדן, זי איז אָבער ניט געווען זיכער וואו זי האָט דאָס בייטעלע פאַרלאָרן.

די סימנים וואָס זי האָט אָנגעגעבן שטימען ביז צום האָר. אָן אויפגע־ריכטער אָ דערהייטערטער האָב איך זיך אַרויסגעפּראַלט פון דעם דעפּאַרט־מענט־סטאָר, און געלאָזן זיך מיטן אָנגעגעבענעם אַדרעס. מיין האַרץ איז מיר איבערגעפילט געווען מיט פרייד, וואָס ענדלעך, ענדלעך, וועל איך עפּעס אויפטאָן. אויפטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס אייגנטלעך, האָב איך אַליין ניט גע־וואוסט, נאָר עפּעס וויכטיקעס, זייער, זייער וויכטיקעס ליגט איצט אין מיינע הענט. אָ מיסיע, וואָס טרעפט זעלטן אין עמעצנס אָ לעבן.

„מיין ליבע, מיין האַרציקע „בי״ „סי״, צי פילסטו ניט ווי מיין האַרץ רייסט זיך, וואָס שנעלער, צו ברענגען דיר טרייסט? צי פילסטו ניט, אַז ערגעץ פון ווייטן קומט און עס דערנעענטערט זיך דיין הילף? מיין ליבע, מיין טייערע „בי״ „סי״.

איך וועל זיך אָוועקזעצן, האָב איך געטראַכט, מיט איר אויף דער טעראַסע צי אין אַנדער שטילן ווינקל, און וועל געלאַסן און מיט טאַקט זיך אַנטשולדיקן פאַרן לעזן איר טאָג־בוך. און דאָ ערשט וועל איך מיט געפליגלטע ווערטער נעמען זי טרייסטן, עפענען אירע אויגן צו אָ ביי ליכט, און אַריינגעבן איר נייעם מוט, נייעם אינטערעס אין לעבן.

איך בין אָוועק אַהיים, זיך איבערגעטאָן אין מיינע יום־טובדיקע קליי־דער, זיך אָפּגעראַזירט, מיינע האָר אָ ביסל פאַרפומירט און פאַרקאַמט עס מיט אָ גלייכן שרינט אין דער מיט, די ווינקלען אָ ביסעלע צוגעשמירט. צו וואָס, האָב איך געטראַכט, זאָלן מיינע ניין און דרייסיק יאָר זיך וואַרפן אַזוי אין די אויגן? און האָב זיך געלאָזן מיטן אָנגעגעבענעם אַדרעס.

עס איז געווען אַנהויב אָוונט, ווען איך האָב זיך דערשלאָגן, ערגעץ אין איסט־פּלאַטבוש. געדאַרפט בייטן אין „באָס" אויפן צווייטן, און אַ שטיק וועג איז מיר אויסגעקומען צו גיין צו־פוס. ענדלעך בין איך צוגעקומען צו דעם הויז. עס איז געווען אַן איין־פאַמיליע הויז, מיט אַ גרויסער טעראַסע פון פאָרנט. די פענצטער פון דעם הויז זיינען געווען העל־באַלויכטן, און די ראַדיאָ האָט זיך געריסן אויף די העכסטע קולות. אַ שכן האָט זיך דאָ פאַרמאָסטן מיט דער ראַדיאָ און האָט זי אַריבערגעשריען.

איך האָב נאָך אַמאָל איבערגעלייענט דעם נאָמען, און ווידער אַמאָל באַטראַכט דעם אַדרעס. אַלץ שטימט. נאָר וואָס איז עס? וואָס איז דאָ פאַר אַ יום־טוב דאָ? מיט וואָס פאַר אַ פרייד פרייט מען זיך עס דאָ אַזוי?

איך מוז זיך מודה זיין, איר הערט, עפּעס איז מיר שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן די פריידיקע שטימונג, וואָס איך האָב דאָרט אָנגעטראָפן. אויף אַזוי פיל איז עס מיר ניט געפעלן געוואָרן, אַז עס האָט מיר אינגאַנצן אַנט־מוטיקט. עס איז געווען, ווי עמעצער וואָלט דעם גאַנצן ווינט אַרויסגעלאָזן פון מיינע זעגלען.

איך האָב זיך אָבער געשטאַרקט און אָנגעקלונגען. אַ יונגערמאַן האָט געעפנט די טיר.

— פריילין בי סי... איך וואָלט זי געוואָלט זען.

— קומט אַריין. איך וועל זי גלייך אַרויסרופן.

איך בין אַריין אין אויפנאַמסצימער, דער טומל און די שטאַרקע אילו־מינאַציע, האָט מיך אינגאַנצן צעמישט.

— בעלאַ! בעלאַ! — האָט דער יונגערמאַן אַריבערגעשריען דעם טומל.

אַ יונגע, שיינע, זייער שלאַנקע ברונעטקע, ענלעך צו יענער פון דער פאָטאָגראַפיע, וואָס איך האָב געפונען אין דער בייטעלע, איז מיר אַנט־קעגנגעקומען.

— איך האָב אַ קליינע מיסיע צו אייך, — האָב איך זיך גלייך געווענדט צו איר. און נעם און דערלאַנג איר דאָס בייטעלע.

— אָ, אַ שיינעם דאַנק אייך!

און פאָכנדיק מיט דעם בייטעלע אין דער לופט האָט זי, אַ שפרינגענדיקע אַ טאַנצנדיקע, אָנגעהויבן צו רופן:

— סאָניע, העלען, ראָוזי, זעט נאָר, זעט! דאָס בייטעלע! אַז עס גייט

איינעם גייט עס מיט אַלעמען. אי דער הונט, אי דאָס בייטעלע! און ביידע האָבן זיך אָפּגעזוכט אין איין און דעם זעלבן טאָג... שטייט אָבער ניט ביים טיר, — האָט זי זיך גלייך אַ ווענד געטאָן צו מיר. — קומט אַריין און זייט מיין גאַסט. עס איז ביי מיר אַ שטיקל יום־טוב צוליב מיין הונט. ער איז מיר פאַרלאָרן געגאַנגען און האָט זיך היינט אָפּגעזוכט. און איצטער — אויך דאָס בייטעלע...

איך האָב זיך ווי פאַר זיך אַליין פאַרשעמט. דאָס, וואָס איך האָב מיט אַזוי פיל פּיין און לייד אויסגעווייטיקט, האָט אַ פשוטער קודלאַטער הונט דערגרייכט. איך האָב זיך דערפילט איינגאַנצן אַן איבעריקער און זייער, זייער ניט אין פּלאַץ . . .

# מרס. פּאַרקער

טעג און וואָכן בין איך אַרומגעגאַנגען פון איין לאָ־אָפיס צום צווייטן, געזוכט עפּעס אַ פאַרדינסטל און האָב זיך צו גאָרנישט דערשלאָגן. אַמאָל פלעג איך נאָך מאַכן אַ פּאָר סענט, העלפנדיק די לאָיערס צוגרייטן זייערע פּראָצעסן. נאָר לעצטנס זיינען די לאָיערס אַזוי פאַראָרעמט, טוען זיי עס אַליין און שפּאָרן הוצאות.

און עסן ווילט זיך, האָט מיך דער הונגער געטריבן ווייטער אין די אָפיסעס, אפשר וועל איך זיך צו עפּעס דערשלאָגן. אפשר וועט זיך דער גאָט פון יונגע לאָיערס אויף מיר זיך דערבאַרעמען און מיר צושיקן, אויב ניט קיין אייגענעם קליענט, איז אַ פאַרדינסטל ביי יענעם. האָט זיך טאַקע דער גאָט פון די יונגע לאָיערס אויף מיר דערבאַרעמט און אַ געוויסער לאָיער מיט אָפיסעס אויף ליבערטי סטריט האָט מיך געפרעגט צי ווייס איך ניט עמעצן וואָס וואָלט זיך אויסגעטויגט פאַר אַ „מאַטיריאַל וויטנעס" (עדות) — ער דאַרף האָבן אַן עדות אין אַ גט־פּראָצעס — צי ווייס איך ניט עמעצן?
— אַוודאי ווייס איך — איך אַליין — האָב איך זיך אָנגעבאָטן, — קען זיין דער עדות.

ער האָט גלייך טעלעפאָנירט צו עמעצן. נאָך זיין טעלעפאָן־געשפּרעך, האָט ער אַרויסגענומען אַ גאַנץ היפּשע סומע געלט און עס מיר דערלאַנגט.

— דאָס האָט איר אויף הוצאות, אין צוויי שעה אַרום זאָלט איר זיך טרעפן מיט מיין קליענטין... — ער האָט מיר געגעבן איר נאָמען און אַדרעס.
— איר זאָלט אָבער זען צו זיין פּינקטלעך, — האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן.
— „דער זייגער איז איצטער עלף. אַלזאָ, איינס אַזייגער דאַרפט איר זיך טרעפן מיט איר"...

אין צוויי שעה אַרום בין איך שוין געווען אויף דער צווייטער און זי־בעציקסטער גאַס און מעדיסאָן עוועניו. מיסעס פּאַרקער, אַ שיינע יונגע ברונעטקע, אין די פריע צוואַנציקער, עטוואָס נידעריקער פון מיטעלן וואוקס, האָט שוין געוואַרט אויף מיר. זי האָט מיך אויפגענומען ווי אַן אַלטן באַ־

קאַנטן. האָט גאַנץ אָפנהאַרציק מיר דערציילט פון איר אומגליקלעכן פאַ־מיליען־לעבן. ווי איר מאַנס פאַרשטאָרבענע ערשטע פרוי דינט פאַר אים ווי אַ מוסטער... אַלע מאָל ציט ער אַ פּאַראַלעל. וואָס זי זאָל ניט טאָן, ווי זי זאָל ניט האַנדלען שלעפט ער זיין פאַרשטאָרבענער ווייב פון קבר אַרויס און פאַרגלייכט; צי וואָלט יענע אויך אַזוי געהאַנדלט? צי וואָלט זי אויך אַזוי ווי זי רעאַגירט?.. עס איז אַזוי דערגאַנגען, אַז זי אַליין האָט אויך שוין אָנגעהויבן זיך צו פאַרגלייכן מיט זיין פאַרשטאָרבענער ווייב; זי אַליין האָט אויך אָנגעהויבן צו לעבן דאָס לעבן פון דער פאַרשטאָרבענער און זיך באַמיט באַכצוגיין אין דער פאַרשטאָרבענערס פוס־טריט. זי, די מרס. פּאַרקער, איז געוואָרן ווי אַ שאָטן פון דער פאַרשטאָרבענער ווייב זיינער. ער אַליין, דער מאַן אירער, איז אַ גאָרנישט. זי לעבט ניט מער איר אייגן לעבן. און זי איז נאָך יונג. איר אייגן לעבן וויל זי לעבן. זי וויל ניט טראָגן מער עמעצנס ניט־דערטראָגענע שיך, אָדער קלייד, זי האָט אייגענע פאַרלאַנגען און אַפילו אייגענע קאַפּריזן...

דער מאַן אירער — צי ער באַגרייפט עס ניט, אָדער עס איז ביי אים אַ מאַניע אַזאַ, זי ווייס ניט. נאָר מער אַזוי לעבן קען זי ניט. די טויטע ווייב זיינע גייט איר נאָך ווי אַ שאָטן. און אָפט דאַכט זיך איר אַז ער, מיסטער פּאַרקער, איז גאָר ניט איר מאַן. און זי לעבט עס מיט אַ פרעמדן, מיט אַ פאַרשטאָרבענערס מאַן... נאָר מער קען זי ניט! עס מוז, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, נעמען אַ סוף! ער, אָבער, וויל אויף זיך די שולד ניט נעמען, אים גייט עס ניט, — זאָגט ער, — אין לעבן. האָט זי באַשלאָסן צו נעמען די שולד אויף זיך און באַפרייען זיך פון אים, פון דער פאַרשטאָרבענערס מאַן...

— איך וועל אַלץ טאָן צו העלפן אייך — האָב איך איר פאַרזיכערט, פילנדיק באמת אַ שטאַרקן מיטלייד צו איר — נאָר קיין פּראָפעסיאָנעלער קאָראַספּאָנדענט בין איך ניט...

— זי ווייס עס, — איר לאַיער האָט איר דערציילט פון מיר, עס וואָלט איר אַזוי אומאָנגענעם געווען מיט אַ פּראָפעסיאָנעלן, און ווען זי האָט ניט קיין צוטרויען צו מיר, וואָלט זי מיר דאָס אַלעס ניט דערציילט.

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען. מיר האָבן באַזוכט די שענסטע רעסטאָראַנען, טעאַטערס. אין אָוונט זיינען מיר געווען אין אַ קאַ־באַריי, שפּעט ביינאַכט האָב איך זי אָפּגעפירט אַהיים.

אויף מאָרגן בין איך ווידער געקומען אין דער באַשטימטער צייט. מרס.

פאַרקער האָט שוין געוואָרט אויף מיר, ביים הויז האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט צוויי יונגעלייט וועלכע האָבן מיך דורכגעדרונגען מיט זייערע בליקן.

— ווער זיינען די, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום — האָב איך געצויגן איר אויפמערקזאַמקייט, — צי קען זי זיי?

— זי קען זיי ניט, נאָר זי ווייס פון זיי, זיי זיינען דעטעקטיווס.

— דעטעקטיווס?

— יע, זיי זיינען עס די, וואָס ווען דאַרפן באַשטעטיקן אונדזער אומ־מאָראַלישקייט — האָט זי סאַרקאַסטיש צוגעגעבן.

— וואו וועט עס דאַרפן געשען?

— האָטעל „ניו־קלאַדיע", אַלץ איז אָבער באַזאָרגט אַז ניט איך און ניט איר וועלן האָבן וועלכע עס איז אומאָנגענעמלעכקייטן, — האָט זי מיך באַרואיקט.

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר ווידער פאַרבראַכט אין די שענסטע עפנטלעכע פלעצער אויף בראָדווי. אין אָוונט — אין אַ רייכן קאַבאַרעט, און שפּעט נאָך האַלבער נאַכט זיינען מיר מיט אַ טעקסי צוגעפאָרן צום האָטעל.

און מערקווירדיק, די צוויי טעג וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען איז זי געווען גוט אויפגעלייגט, האָט די גאַנצע צייט געשפּאַסט, פון מיר און פון זיך, באַצייטנס זיך אָנגערופן די פריילעכע גרושה, און געבעטן דעם אָרקעסטער צו שפּילן דעם וואַלס פון דער „פריילעכער אַלמנה"... — יענע איז געווען אַ פריילעכע אַלמנה, און זי אַ פריילעכע גרושה: און געטאַנצט האָבן מיר מער פון אַלעמען. קומענדיק אין האָטעל אָבער, האָט זיך ווי דורך אַ כישוף אָפּגעטאָן פון איר די גאַנצע פריילעכקייט. אַ שווערער טרויער האָט זיך פאַרצויגן אויף איר פּנים און אינגאַנצן איז זי ווי צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. זי האָט זיך מיטאַמאָל אויף אַן אמתן געפונען מיט אַ פרעמדן מאַן שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אין אַ האָטעל ווי אַלע אויסגעלאָסענע פרויען וועלכע פעלשן איין זייערע מענער. און זי איז אויך אָט אַזאַ ווי יענע, און צוליב איר אויסגעלאָסנקייט איז איר מאַן, נאָך אַלע געזעצן, באַרעכטיקט זי אָפּצוגטן און דערווייטערן זיך פון איר ווי פון אַן אומווירדיקער, אַן שום פאַרגיטיקונגען, ווי אַן אויסוואורף...

אין מיין אומדערפאַרנקייט האָב איך זיך אויך געפונען פאַרלאָרן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. איך אויך האָב זיך געפונען אין ניט קיין בעסערער לאַגע פון איר. מיין אָרעמקייט, מיין אומבאַהאָלפנקייט האָט מיך

דעגראַדירט צו דער נידעריקסטער שטופע פון אָנגענומענער מאָראַל און עטיק; — אויסוואורף, אויסוואורף, — האָט עפּעס געשריען אין מיר, צוליב נישטיקע פּאָר דאָלער בין איך אַוועק מיט אַ פרוי אין אַ האָטעל, מיט אַ פרוי צו וועלכע איך האָב ניט דעם מינדסטן געפיל פון נאָענטקייט, דעם מינדסטן פאַרלאַנג. ווי איז דאָס — האָב איך ניט געקענט פאַרשטיין, — וואָס איך האָב פריער ניט באַגריפן. אין וואָס פאַר אַן אָפּגרונט איך דערנידעריק זיך, ווי טיף איך לאָז זיך זינקען. איר פרייהייט וועט מיר קאָסטן מיין כבוד, און וועט איבערלאָזן אַ פלעק אויף מיין גאַנצן לעבן.

און זי, די קליינע ברונעטקע וואָס האָט אויסגעזען אין טיפן שטול ווי אַן אָנגעברוגזטע שול־מיידל, — האָט זיך מיטאַמאָל באַהערשט, זי איז אויפגעשפּרונגען, האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, און געבעטן איך זאָל עפּעס באַשטעלן...

איך האָב אָנגעקלונגען און באַשטעלט קאָפע מיט צובייסן.

— שאַמפּאַניער, נעוואָר מאַינד קאָפע, שאַמפּאַניער, — האָט זי וואוילד־יונגעריש באַפוילן — איר הערט, שאַמפּאַניער! — האָט זי זיך געווענדט צום בעל־באָי, — און ניט איין פלאַש נאָר גאַנצע צוויי; „און איר, פאַרפירער מיינער" — האָט זי זיך געווענדט צו מיר — „איר האָט זיך אינגאַנצן אַרויסגעשלאָגן פון אייער ראָל, קאָפע מיט צובייסן! כאַ, כאַ, כאַ, פיינע באַוויזן ווילט איר זיי צושטעלן. האָט איר שוין אַמאָל געזען אַזאַ פאַרפירער! קאָפע מיט צובייסן, כאַ, כאַ, כאַ. וואָס שטייט איר אַזוי ווי איר וואָלט דריי פערטל פון זיך פאַרלאָרן און אָן דעם לעצטן פערטל פאַרגעסן? ניט אַזוי דאַרפן אונדז די דעטעקטיווס געפינען, ניין, ניט אַזוי, מיין פאַרפירער... מאַכט זיך הימיש, מיין דאָן זשואַן! — און זי האָט זיך פלוצלונג, היסטעריש צעלאַכט: — יע, יע, איר זייט איצטער ניט בעסער פון מיר, איך, אַן אומטרייע ווייב און איר, אַ פאַרפירער, אַ דאָן זשואַן, טוט אויס אייער הוט און מאַנטל, און פילט אַן אייערע לאָגלען מיט ווינט..." — און זי האָט אָנגעהויבן אונטערצוברומען דעם וואַלס פון דער פריילעכער אַלמנה. געדרייט זיך אין גרויסן געראַמען האָטעל־צימער, האָט מיך פלוצלונג אַ כאַפּ געטאָן און האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען מיט מיר, — „לאָמיר טאַנצן אַ וואַלס", — האָט זי צוגעזונגען צום טאַקט פון מאָטיוו, איז אָבער פלוצלונג אַ פאַל געטאָן אויפן דיוואַן און האָט זיך צעוויינט...

— וואו איז דער שאַמפּאַניער? — האָט זי זיך האַסטיק געזוכט צו

באַהערשן, — וואו איז דער שאַמפּאַניער? זי האָט אָנגעהויבן צו טרינקען איין גלאָז נאָך דער צווייטער. צו וואָס האָב איך זיך צעוויינט, היינט דאַרף איך דאָך זיין פריילעך, פריילעך, זאָל זיך שאַמפּאַניער גיסן איבער אַלע ברעגן, היינט איז דער אָנהייב פון סוף פון מיין אומגליקלעך, פאַרהייראַט לעבן. — זי האָט געטרונקען איין גלאָז נאָך דעם אַנדערן.

עס איז אָבער געווען אַ געצוואונגענע פריילעכקייט און אַזוי לאַנג ווי זי האָט זיך געקענט קאָנטראָלירן האָט זי אונטערן איינדרוק פון שאַמפּאַניער זיך פריילעך געמאַכט. געטאַנצט, געזונגען, געשפּאַסט פון זיך, און פון מיר.

ביסלעכוויז, אָבער, האָט דער שאַמפּאַניער געקראָגן די אויבערהאַנט איבער איר, און די געפילן וואָס זיינען די גאַנצע צייט באַצוואונגען געווען פון קאַלטן שכל האָבן געפונען אַ פרייען אויסוועג. און ווי אַ ווילדע קאַץ האָט זי אָנגעהויבן צו וואַרפן און צו ברעכן גלעזער און געשיר, אָנגעהויבן צו רייסן די קליידער אויף זיך. — זאָלן זיי קומען די דעטעקטיווס, זאָלן זיי איצט קומען און טרעפן מיך מיט אַ פרעמדן מאַן, אַזוי, אַזוי, אָט אַזוי, אָט אַזוי, — און האָט מיט מער עקשנות אַלץ געריסן די קליידער אויף זיך. — זאָלן זיי זען, זאָל די גאַנצע וועלט זען מיט וואָס פאַר אַן אויסגעלאַסענער ווייב מיסטער לאָרענס פּאַרקער האָט געלעבט, זאָלן זיי זען, זאָלן זיי זען . . .

זי איז צוגעלאָפן צום בעט, און האָט אָנגעהויבן צו צעוואַרפן דאָס בעטגעוואַנט, רייסן זיך די האָר פון קאָפּ און היסטעריש וויינען, — זאָלן זיי זען, זאָלן זיי זען, מיסעס לאָרענס פּאַרקער, מיט אַ פרעמדן מאַן אין אַ האָטעל, מיט אַ פרעמדן מאַן אין אַ האָטעל, קומט, קומט אַלע און זעט סאַראַ אויסגעלאַסענע ווייב איך בין . . .

איך בין צוגעגאַנגען צו איר און געזוכט זי צו באַרואיקן.

— מיסעס פּאַרקער, מיסעס פּאַרקער באַהערשט זיך, באַרואיקט זיך, טוט עס צוליב זיך, טוט עס צוליב מיר, מיסעס פּאַרקער איך בעט אייך, זעט ווי שיין מיר האָבן אָנגעהויבן, לאָמיר עס אויך פאַרענדיקן אויף אַ ווירדיקן אופן. — איך האָב זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט און געוואָלט איר העלפן זיך אויפהויבן.

— רירט מיך ניט אָן! — איז זי פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען, — וואַגט מיך ניט אָנצורירן. איר מיאוסער דאָן זשואַן. איר נידעריקע בריאה, אַוועק, אַוועק פון מיר, עס עקלט מיר פון אייך, עס עקלט מיר פון אייך אַלעמען. דאָן זשואַן, דאָן זשואַן, אַלע זייט איר דאָן זשואַנען, אַלע זייט איר פאַרפירער,

איר זייט ניט בעסער פון לאָרענסן און לאָרענס איז ניט בעסער פון אייך. — און זי האָט זיך פאַרמאָסטן אויף מיר.

איך האָב דערפילט אַ שטאַרקן מיטלייד צו איר. עס איז ניט מיר פּערזענלעך וואָס זי באַליידיקט, עס איז די גרויסע עוולה וואָס איז קעגן איר באַגאַנגען געוואָרן, דאָס שרייט פון איר אַרויס. און איך בין בלויז דער שטיין, צו וועלכן די אומגליקלעכע פאַלט צו און וויינט זיך אויס. זאָל זי זיך אויס־שרייען, אויסוויינען וועט איר לייכטער ווערן.

אָבער זי האָט ניט אָפּגעלאָזן, זי האָט געפונען אַ צילברעט פאַר אירע פיילן, און האָט זיי אַלע מיט גיפט און מיט סם געוואָרפן אין מיר.

— וויפל קריגט איר, האַ? זאָגט, זאָגט, וויפל קריגט איר פאַרן פאַר־ווילן מיט מיר? אויב עס איז אייך ווייניק, נאָט אייך נאָך, נאָט אייך נאָך.

זי האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן זיך מיט באַנקנאָטן: — נאָט! נעמט, נעמט, פאַרן פאַרווילן זיך מיט אַן אויסגעלאַסענער פרוי אין אַ האָטעל, דאַרף מען קריגן גוט באַצאָלט... — האַ? פאַרוואָס נעמט איר ניט? ס׳איז אייך ווײַ־ניק? טאָ נאָט אייך נאָך, נאָט אייך נאָך. זאָגט וויפל קומט אייך פאַרן פאַרווילן זיך מיט מיר אין האָטעל. ענטפערט, ענטפערט, פאַרוואָס ענטפערט איר מיר נישט?...

און ווירקלעך מיר איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון, איך האָב דערפילט דעם שרעקלעכן אמת אין אירע רייד, איך האָב זיך דאָך ווירקלעך פאַרקויפט צו פאַרברענגען מיט איר אין אַ האָטעל. איך האָב אָבער קיין איין מינוט ניט געצווייפלט אין איר אָנשטענדיקייט: און וואָס מער זי האָט מיך באַליידיקט אַלץ מער האָב איך מיט איר סימפּאַטיזירט, אַלץ מער האָב איך דערפילט די טיפע ליידן אירע. איך האָב אָבער קיין אויסוועג ניט געזען ווי זי צו באַ־רואיקן. אַליין האָב איך זיך געפילט ניט ווייניקער אומגליקלעך פון איר, אין מיר אויך האָט אַ ווייטיק זיך געריסן, איך אויך וועו איך קען עמעצן באַפאַלן און אויסגיסן אויף אים מיין צאָרן וואָלט מיר לייכטער געוואָרן...

צוליב דעם האָב איך שטודירט יוריספּרודענץ צו פאַרדינגען זיך פאַר אַ „קאָארעספּאָנדענט״? אַך גאָט, גאָט און ווי הענט, שווערע, מאַסיווע, וואָלטן מיר אין די שלייפן געזעצט אָן אַ סוף און אָן אַ רחמנות.

— מיסעס פּאַרקער, מיסעס פּאַרקער, — בין איך, איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, געפאַלן פאַר איר אויף די קני, — מיסעס פּאַרקער, איך בעט אייך, איך טו תפילה פאַר אייך ווי פאַר אַ הייליקער, הערט אויף, הערט אויף,

בעסער שלאָגט מיך, טרעט מיך מיט די פיס נאָר באַליידיקט מיך ניט, אָט איז דאָס געלט וואָס איך האָב געקראָגן פון אייער לאָיער, נעמט עס, איך בעט אייך. נעמט עס, איך וויל עס ניט, בעסער הונגערן, בעסער וואַלגערן זיך אין אַ פּאַרק, נעמט עס צוריק איך בעט אייך!.. — און איך האָב איר געשטופּט דאָס געלט צוריק.

אַ ווײַלע זײַנען מיר ביידע געשטאַנען ווי פּאַרגליווערטע, זי מיט פאַר־בראָכענע הענט, מיט אַ שמערצלעכן אויסדרוק אויפן פּנים, מיט צעריסענע קליידער און צעשויבערטע האָר, און איך אויף די קני מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, אַ באַליידיקטער, אַ דערנידעריקטער, אַ באַשפּיגענער. מיטן געלט אין די הענט. — באַפרייט מיך פון מײַן דזשאָב — האָב איך זיך געבעטן בײַ איר,— באַפרייט מיך. איך האָב פּרובירט. נאָר איר זעט דאָך, כ׳בין דורכגעפאַלן. עמעצער אַנדערש, אפשר. נאָר איך טויג זיך צו דעם ניט אײַס...

— אַנטשולדיקט, אַנטשולדיקט, — האָט זיך בײַ איר מעכאַניש אַרויס־גערעדט, ניט בײַטנדיק איר פּאָזע. — אַנטשולדיקט. — איך האָב אָבער גע־פילט אַז זי איז פונקט אַזוי ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן באַליידיקן ווי פאַרן אַנטשולדיקן זיך.

— אַנטשולדיקט — האָט זי ווידערהאָלט, און צורעכט מאַכנדיק איר טואַלעט האָט זי צוגעגעבן. — איך אויך האָב פּרובירט, איך אויך האָב געמיינט עס וועט מיר געלינגען.

פאַרשעמטע פאַר זיך, און איינער פאַרן צווייטן, האָבן מיר פאַרלאָזן דעם האָטעל . . .

# אַפּטאַון

## .1

איידער הענרי מענאַקער האָט אַנגעשטעלט מאַנוסעוויטשן צו דער אַר־בעט, האָט ער זיך אַליין אין אַ ווינקל פון זיין צירונג־געשעפט, געפּאַרקעט מיט זייגערס. טיף פאַררוקט הינטער דעם אייזערנעם שראַנק, האָט ער גע־האַט זיין וואַרשטאַט, אויף וועלכן עס זיינען אין אומאָרדענונג געלעגן אָנגע־וואָרפן געצייג און טיילן פון אַלטע זייגערס.

פלעגט עמעצער אַריינקומען — אַ קינד, צי אַמאָל אַ בעטלער — פלעגט ער אויפשפּרינגען פון וואַרשטאַט, איבערלאָזנדיק דעם זייגער אַ צענומענעם.

דאָס אויפשפּרינגען פון וואַרשטאַט אַלע ווילע און דער אָפּטער אי־בעררייס אינמיטן אַ דעליקאַט שטיקל אַרבעט, האָט אים דענערווירט. פלעגט אים די אַרבעט פאַלן פון די הענט, און אָפט פלעגט ער פאַרלירן די טיילן פון צענומענעם זייגער, אַרומזוכן זיי, קריכן אויף אַלע פיר איבערן דיל. און ווען אַ קונד פלעגט אַריינקומען, האָט ער שוין צו אים קיין געדולד ניט געהאַט, ער פלעגט אים שנעל ווייזן, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט, אָבער אָנשטאָט אָפּצוגעבן זיך מיטן קונד, דערקלערן אים און, אויב נויטיק, איינריידן און באַ־ווירקן ער זאָל קויפן, פלעגט ער זוכן, וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון אים. קויפן, האָט ער געטראַכט, וועט דער דאָזיקער קאָסטאָמער סיי־ווי־סיי ניט. זאָל ער כאָטש לאָזן אַרבעטן . . .

צוליב דער אַרבעט, האָט ער קיין צייט ניט געהאַט אָפּצוגעבן זיך מיטן געשעפט. אַלץ איז געווען ביי אים אָפּגעלאָזן, פאַרשטויבט און אין אַ שרעק־לעכער אומאָרדענונג. די אַרבל פון זיין רעקל אויסגעריבן פון וואַרשטאַט, דאָס רעקל פאַרפלעקט מיט פּוליר און אָנגעזאַפּט מיט בענזין, און פון שטענ־דיקן זיצן זיינען אים די הויזן געווען צעקנייטשט און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ווען ער שטייט — זיצט ער נאָך אַלץ אַ ביסל...

מיט זיין אָפּגעלאָזענעם הילוך און מיט דער שוואַרצער שפּאַקטיווע פאַר־

רוקט אויפֿן שטערן, אַ באַזאָרגטער וועגן דעם צוגענומענעם זייגער, וואָס ווערט פֿאַרשטויבט אויפֿן וואַרשטאַט, צי אַמאָל פֿון אַ טייל, וואָס איז אים ניט גער־וואָרן, האָט ער געמאַכט זייער ניט קיין גוטן איינדרוק אויף די קאָסטאָמערס.

— אַ מרוק — פֿלעגט מען וועגן אים באַמערקן. — אַ טובֿה טוט ער, אַז מען קומט צו אים. — אין דער אמתן אָבער איז מענאַקער געווען זייער אַן אײדעלער, זייער אַ פֿריינדלעכער מענטש, נאָר אַ פֿאַרלאָרענער, אַ פֿאַר־שלונגענער. איינער אַליין האָט ער זיך ניט געקלעקט אויף אַלץ. סיי דער גע־שעפֿט, סיי דער וואַרשטאַט, האָבן אים געפֿאָדערט אינגאַנצן פֿאַר זיך. דערצו נאָך קרעדיטאָרן, וואָס האָבן געריסן די זייטן, קרענקלעכע קונדן, וואָס זיינען דערגאַנגען די יאָרן, און זייגערס — כאָטש נעם און גיב זיי אַ קרענק. האָט ער זיך צווישן די אַלע געראַנגלענישן פֿאַרלאָרן, ניט געוואוסט, וואָס פֿריער.

אַזוי האָט זיך מענאַקער געראַנגלט מיטן וואַרשטאַט און מיטן געשעפֿט, ביז ער האָט אָנגעשטעלט דעם זייגער־מאַכער מיסטער מאַנוסעוויטש.

ווען ער האָט אָנגעשטעלט מאַנוסעוויטשן און זיך באַפֿרייט פֿון זייגער־מאַכעריי, האָט זיך מענאַקער אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיטן געשעפֿט. אַרומגע־שטויבט, אַרומגעפּוצט, אויסגעשטעלט אַלץ אין אָרדענונג. די שאַפֿעס באַ־פּוצט מיט זילבער און קרישטאָל, די קאָונטערס מיט פֿיינע בלאַנקענדיקע צירונג. אַריינגעשטעלט נייע עלעקטרישע לאָמפּן.

איבערהויפּט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט די שוי־פֿענצטער.

אויסגעשטעלט די פֿענצטער מיט גאָלדענע און בריליאַנטענע רינגען, מיט קאָסטבאַרע זייגערס צו רייצן דעם פֿאַרלאַנג פֿון פֿאַרבייגייער.

און אים אַליין איז אויך נישט געווען צו דערקענען. פֿלעגט קומען יעדן טאָג אין געשעפֿט, ווי צוגאַסט, אַן אויסגעפּוצטער, אַ ריין־ראַזירטער, די האָר גלאַט און אַקוראַטנע פֿאַרקעמט.

מאַניסעוויטשן האָט ער אָפּגעגעבן די שפּיגל־וואַנט פֿון קראָם אויסצור־שטעלן זיינע געצייג און אינסטרומענטן. זיין וואַרשטאַט האָט ער אַוועקגע־שטעלט האַרט לעבן דער שוי־פֿענצטער, וואו דער גאַנצער פּוץ פֿון גאָלד און בריליאַנטן איז אויסגעשטעלט געווען.

— זאָלן מענטשן זען סאַראַ עקספּערט ער האָלט צו דער אַרבעט. זיין גליייכן, פֿלעגט ער זיך באַרימען פֿאַר קונדן, ניט צו געפֿינען. און געצייג און אינסטרומענטן ניט נאָד צו פֿאַרריכטן, נאָר אינגאַנצן, פֿון אָנהויב ביזן

סוף, נעמט מאַנוסעוויטש און מאַכט אייך אַ זייגער. זאָלן קאָסטאָמערס, איבער־לאָזן זייערע זייגערס, וועלן זיי שוין אַליין זען, אַז ביי אים איז אַלץ ראַיעל, מעג עס זיין פון דעם קלענסטן רעמאָנט ביזן גרעסטן דימענט. און אַלץ אונטער פערזענלעכן קאָנטראָל...

.2

עס איז געווען בלויז ביז וואַנען עס וועט זיך אים מאַכן עפּעס אַנדערש, האָט זיך דוד מאַנוסעוויטש דערווייל אָנגעבאָטן צו אַרבעטן ביי מענאַקערן. די לעצטע צוויי שטעלעס אַפּטאָון האָט מאַנוסעוויטש פאַרלאָזן צוליב זיינע מאָדנע קאַפּריזן.

איין שטעלע האָט ער פאַרלאָזן צוליב דעם, וואָס ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן דעם פּאַרמאַנס קרייענדיקן קול. אַן אַלטער שוועד, אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ קאָפּ, וואָס איז אים אַרונטער פון דער מאָס — קליין און פּלאַטשיק, און באַוועגט האָט ער זיך ווי אויף שרויפן, אויף אַ לאַנגן אָדערדיקן האַלדז, וואָס האָט דערמאָנט אַן אַ האַלדז פון אַ טשערעפּאַכע, און דער נידעריקער, זייער ברייטער קאָלנער וואָס דער שוועד פלעגט טראָגן, האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויסגעשטרעקטער טשערעפּאַכע־האַלדז, נאָר מער פאַרשטאַרקט. און אַ קול האָט דער שוועד געהאַט, ווי אַ יונג הענדל, וואָס טרענירט זיך אין קרייען. איז יעדעס מאָל, ווען דער שוועד האָט זיך צעקרייעט, איז אים, מאַנוסעוויטשן, אַריבער אַ ציטער איבערן לייב.

די לעצטע שטעלע, ביי איינער פון די אָנגעזעענסטע פירמעס אַפּטאָון, האָט מאַנוסעוויטש פאַרלאָזן צוליב אַ וואַנט. אַ גרויסע, גרויע וואַנט, וואָס איז געשטאַנען פונקט אַנטקעגן דעם פענצטער, וואו ער האָט געאַרבעט.

און אַלע מאָל, ווען ער פלעגט אויפהויבן די אויגן פון דער אַרבעט, האָט זיך זיין בליק אָנגעשלאָגן אָן דער גרויער וואַנט.

און ניט אַזוי די גרויע וואַנט, וואָס עס האָט אים דענערווירט, ווי די פאַרקלאַפּטע פענצטער, וואָס האָט אים דערמאָנט אין שערבלעך אויף די אויגן. אַ גרויסער, צוועלף־גאָרנדיקער בר־מנן, מיט שערבלעך אויף די אויגן, אויף וועלכער ער דאַרף קוקן פון מאָמענט, וואָס ער קומט אַריין, ביז ער פאַרלאָזט דעם פּלאַץ.

איז אים די וואַנט אַזוי דערעסן, אַזוי אַריין אין די ביינער, אַז ער האָט אַ שליידער געטאָן דעם גט פאַר די אויגן.

דער פּאָרמאַן און די איבעריקע אַרבעטער האָבן געדענקט, אַז ער איז פון זינען אַראָפּ. אַ מענטש נעמט פון העלער הויט, הייבט זיך אויף, פּאַקט זיך איין, און גייט אַוועק.

ביי מענאַקערן האָט ער געאַרבעט, הייסט עס, אויף דערווײַלע. מענאַקער אַליין האָט ניט געוואוסט אויב ער וועט אים קענען אָנהאַלטן. אָבער ער, מאַנוסעוויטש, האָט יאָ געוואוסט און איז ביי זיך זיכער געווען, אַז לאַנג וועט ער זיך דאָ ניט האַלטן.

איבערהויפּט, זעענדיק די נישטיקע פּרייזן, וואָס מענאַקער קריגט פאַר דער אַרבעט, און צוזאַמענרעכענענדיק סוף־וואָך, וויפל ער האָט אויסגעאַר־בעט, און וויפל ער האָט געקראָגן דערפאַר, האָט ער געפילט, אַז זיין סוף דערנענטערט זיך. נאָר אויפהייבן זיך און פאַרלאָזן מענאַקערן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן, האָט זיך אים ניט געוואָלט, איבערהויפּט ווען מענאַקער האָט אַרויסגעצייגט צו אים אַזאַ פריינדשאַפט און האָט זיך באַצויגן צו אים מיט חשיבות, פלעגט אים הייסן נישט רעכענען זיך מיט די פּרייזן. זאָלן אים די פּרייזן ניט אָנגיין און פון די כוחות אַרויסשלאָגן זיך באַדאַרף ער אויך ניט. איז אויפהויבן זיך ווי ער האָט געטאָן אַפּטאַון, אַזוי, אינמיטן דערינען, האָט זיך אים ניט געוואָלט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך, ביז אַ געוויס גראַד, געפילט, ווי ער וואָלט געווען אַ אומזיסטער פּרעסער. און ס'איז אים געווען ניט צום האַרצן.

פלעגט ער זיך אָבער אַוועקזעצן צו דער אַרבעט, האָט ער שוין מער ניט געטראַכט וויפל מענאַקער פאַרדינט, אָדער לייגט צו צו אים. קיין זאַך אויסער דער אַרבעט, האָט פאַר אים ניט עקזיסטירט.

אין איין האַנט אַ געצייג, אין דער צווייטער — אַ טייל פון אַ זייגער, ווי אַ גליד פון אַ לעבעדיקן, באַוועגלעכן קערפּער, אַ שפּאַקטיווע קונציק־באַ־פעסטיקט אין אויג, זעט ער דעפעקטן, זעט ער מעגלעכקייטן אויסצובעסערן, פּערפעקטירן. ער וויס אַז מיט איינשטעלן דעם איינגליף וועט ער אַ ניי לעבן אַריינהויכן אין דעם קוים צאַפּלדיקן, קוים זשיפּענדיקן זייגער. און אים צו פאַרמיידן אומזעבאַרע שטערונגען, נעמט ער זיך וואַלצעווען די רעדער, פּאָ־לירן די צאַפּנס און וואו עס פּאָדערט זיך אַ נייער טייל. קיין אָפּהאַלט ניט. צו אַלץ האָט ער די נייטיקע געצייג און דערפאַרונג.

ער שאַפט לעבן. ער שאַפט באַוועגונג. רויער שטאָל ווערט אין זיינע הענט פאַרוואַנדלט אין פיינע, פונקציאָנירנדיקע טיילן, אין אַ פּערפעקטן איב־

אַריינהויכן אין דעם קוים צאַפּלדיקן, קוים זשיפּענדיקן זייגער. און כדי צו דעם צווייטן, אָן רייבונגען, אָן שטערונגען.

פּאַרבייגייער פּלעגן זיך אָפּשטעלן. עפּעס האָט צוגעצויגן זייער אויפ־מערקזאַמקייט. צי איז עס געווען מאַנוסעוויטש מיט זיינע צעפּודלטע האָר, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ גאַרב אין ווינט, וואָס האָט זיך אַממערסטן גע־וואָרפן אין די אויגן, ספּעציעל, ווען ער איז מיט דער שפּאַקטיווע אַריינגעטאָן געווען אין אַ זייגער, האָט מען דורכן פענצטער קיין פּנים ניט געזען, נאָר אַ צעפּודלטן קאָפּ האָר מיט צוויי דאַרע ביינערדיקע הענט. מיט זייער לאַנגע פינגער, וואָס האָבן באַוועגט עפּעס אַ געצייג. צי אפשר גאָר זיין שאַרפער, אויסגעצויגענער פּנים מיט די אויסגעסטארטשעטע ציין און מיט די גרויסע באַוועגלעכע אויגן, וואָס האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט. צי אפשר גאָר די אַרבעט ביי זייגערס האָט אינטריגירט און גערייצט דעם נייגיר פון פּאַר־בייגייער. צי אפשר די זיכערקייט ווי ער באַהאַנדלט די קוים־זעבאַרע טייל פון זייגער, גלייך ווי עס וואָלטן געווען שטאַבעס פון גרויסן פאָרמאַט, פיילט ער זיי, שלייפט ער זיי און פּאַסט עס אַזוי קונציק אַריין צווישן אַנדערע טיילן פון זייגער. און עס הויבט אָן צו פונקציאָנירן. עס הויבט זיך אָן צו באַוועגן.

צוקוקנדיק זיך ווי מאַנוסעוויטש אַרבעט, איז אַ פּאַרבייגייערס בליק ניט זעלטן געפאַלן אויף אַ שטיק צירונג, און גאַנץ אָפט איז מען אַריין און גע־געבן צו לייזן.

מענאַקער איז אָבער נישט יוצא געווען מיטן בלויזן פּדיון. עס איז ניט דאָס פּאַרקויפן, נאָר דער אופן ווי אַזוי צו פּאַרקויפן, און בשעתן פּאַרקויפן באַ־דאַרף מען אויך אָפּקויפן דעם קונה, אָפּקויפן אים אויף אַלע מאָל און שטענ־דיק. און אַז נאָכדעם, אַז ער פּאַרגעסט צי ער האָט עפּעס אַמאָל געקויפט ביי מענאַקערן, זאָל מענאַקערס געשעפט זיך אים נאָך אַלץ גדעדענקען.

פּלעגט ער אָפט פאַרבינדן געשפּרעכן מיט קונדן וועגן צירונג, וועגן זייגערס, וועגן זייגער־מאַכעריי.

— אַנדערע בעמען אַ זייגער — איז געווען זיין שלאָגוואָרט — און מאַכן דערפון אַ ציבעלע. און ביי אים, פון אַ ציבעלע ווערט אַ זייגער. ציבעלע איז געוואָרן אַן אומגאַנגס־וואָרט. און וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזן, האָט ער זיך באַנוצט דערמיט.

— אַז די דאָלאַרדיקע ציבעלע פּרעדאָמינירט דעם באַגריף פון זייגער.

טרעטן, טרעט איר אויף קאָסטבאַרע קאַוויאַרן, און טראָגן טראָגט איר אַ ביליקע ציבעלע.

— אז אירט אַמאָל דאַרפן פאַרריכטן דעם זייגער, זעט מען זאָל דערפון ניט מאַכן קיין ציבעלע.

— אָן פינף פינגער קען מען קיין פייג ניט מאַכן, און אָן געצייג קען מען אפשר פאַרריכטן אַ ציבעלע, אָבער ניט קיין זייגער.

און ער פלעגט בשעת מעשה אָנווייזן אויף מאַנוסעוויטשעס שאַפעס מיט געצייג.

ער האָט באַשאַפן עפּיגראַמען און פאַרגלייכונגען, און פלעגט עס מיט דער פולער האַנט באַנוצן, זוכנדיק דערמיט צו מאַכן אַ דויערנדיקן איינדרוק.

און מיט מאַנוסעוויטשעס געצייג האָט זיך מענאַקער באַנוצט ביים פאַרקויפן צירונג און בריליאַנטן, מער ווי מאַנוסעוויטש ביי דער אַרבעט. ווייל ניט צו אַלע זייגערס באַנוצט מען אַלע געצייג און אינסטרומענטן. און מע־נאַקער האָט צו אַלץ און צו אַלעמען זיך מיט זיי באַנוצט. סיי ווען ער האָט פאַרקויפט אַ קדושין רינגל, אַ גאַנג זילבער, צי אַמאָל גאָר אַ שאַכטל פּאַר אַ פּאָר ברילן. צו אַלץ און צו אַלעמען האָט ער באַנוצט מאַנוסעוויטשעס געצייג, ניט געלאָזן קיינעם פאַרבייגיין עס אומבאַמערקט.

און מאַנוסעוויטש — אים איז נישט אָנגעגאַנגען די אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האָט געצויגן מיט זיין אַרבעט. עס איז ניט קיין אַרבעט, וואָס ער טוט, נאָר זייגערמאַכעריי, עפּעס אַזוינס, וואָס שטייט העכער פון אַרבעט, העכער פון צייט און אָנערקענונג. יעדער שטיקל אַרבעט באַגייסטערט אים, יעדער זייגער וועקט נייעם אינטערעס, די אַרבעט ברענגט אים אַריין אין אַן עקסטאַז. ער זעט ניט קיינעם אַרום די שויפענצטער, קיינעם — אינעווייניק. זיינע פיין־טרענירטע פינגער באַוועגן קוים, קוים אַ געצייג איבער אַ קליין, קליין טיילכעלע פון אַ זייגער, זוכנדיק אַרויסצובאַקומען פּערפּעקציע, וואָס זאָל אַריינברענגען לעבן און באַוועגונג.

פאַכלייט פלעגן זיך ניט קענען אָפּוואונדערן:

— ווי איז עס, ווי? דאַכט זיך, אַ פּשוטער „וואָלטהאַם״ אָדער „עלדזשין״, און זעט נאָר, זעט, וואָס ער האָט געמאַכט דערפון, אַ „וואַסערן און קאָנסטאַנ־טין״, אַ „פּאַטער פיליפּ״, אַ „דזשול דזשוירגערסאָן״. סאַראַ גאַנג, סאַראַ שוואונג, און אַ קלאַנג, קיין שאָרך, קיין קראַץ, ווי אַ מזמור, ווי אַ זילבערנער גלעקעלע וואָלט זיך ערגעץ צעקלונגען. אַזוי קלינגט דער קלאַנג פון זיינעם אַ זייגער, ווען מען טראָגט עס צו צום אויער.

— רייַן, ווי קרישטאָל — פּלעגן אַנדערע צוגעבן — ווי געלייטערטער ווייַן, ווי געשליפענער דימענט. אין צייַט האָבן זייַנע זייגערס געהאַלטן צו דער מינוט, צו דער סעקונדע.

מענאַקער האָט צו די אַלע קלאַנגען צוגעגעבן געוויכט. ער פלעגט אַליין פאַרשפּרייטן אומגעוויינטלעכע קלאַנגען וועגן מאַנוסעוויטשעס מייסטערשאַפט. איבערהויפּט — צו קונדן.

— זעט איר דעם זייגערמאַכער מייַנעם? איז ווי איר קוקט אים אָן מיט זייַנע צעפּודלטע האָר, מיט זייַן צעפּלאָסעטעם קאָלנער, וואָלט איר דאָך פאַר אים קיין צעבראָכענעם דרייער ניט געבן, נאָר איך זאָג אייך, אַ בריליאַנט, איר הערט: אַ בריליאַנט. און הענט — גאָלדענע. מאַכט ער אַ שטיקל אַרבעט — דאַרף מען זיך בענטשן דערמיט. אַז אַליין בין איך דאָך אויך ניט קיין אַבי וואָסער עס איז זייגערמאַכער. און אַז איך רים עמעצן, דאַרף מען זיך גוט פאַרדינען . . . .

.3

יעדן זייגער, וואָס מאַנוסעוויטש האָט פאַרריכט, האָט מענאַקער אַליין די קופּערטן פון זייגער אַרומגעפּוצט, אַריינגעלייגט עס אין אַ פּלושענער שאַכטל און ווען דער קונד איז געקומען נאָכן זייגער, פלעגט ער ווערן אַנ־גענעם איבערראַשט:

— איז עס מיַין זייגער? עס קוקט דאָך אויס ווי ניי, קוקט עס דאָך אויס.

— ווי ניי, זאָגט איר? הע, בעסער! איך זאָג אייך: בעסער. הונדערט פּראָצענט בעסער. אין דער פאַבריק, פאַרשטייט איר מיך, איז אַלץ אויף שנעל. טאַנדעט. און ביי מיר איז גרונטאָוונע, קערנדיק. צענומען אַ זיי־גער, אַ שטיק שאַבלאָן און צוזאַמענגעשטעלט אַ יש. עפּעס אויף וואָס מען קען זיך פאַרלאָזן. און צייַט וועט איר האַלטן — הלוואי געזונט. פאַרגעסט אָבער ניט, אַז איר וועט אַמאָל דאַרפן פאַר זיך, צי פאַר דער וויַיב אַ בריליאַנ־טענע, אַ מהודר׳ל, אַלאַ מענאַקער — פאַרשטייט איר מיך, עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס, און עס וועט זיך אויך לוינען, אירט שוין זען, אַז עס וועט זיך אייך לוינען!

און מענאַקער האָט ניט אָפּגעלאָזן. אַלע צוויי־דריי וואָכן האָט ער באַמ־

באַרדירט מיט בריוו, אָנפרעגנדיק, כלומרשט אויב דער זייגער איז ווי עס באַדאַרף צו זיין. און אויב מען איז מיט עפּעס־וואָס ניט צופרידן, זאָל מען אַזוי גוט זיין און אַריינקומען. ווייל ביי אים איז אַ פּרינציפּ צופרידנשטעלן...
מעג עס אים קאָסטן ווער ווייס וויפל, נאָר זיין פּרינציפּ איז צופרידנשטעלן. פאַר איין גאַנג פלעגט ער ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז אויב זיי, די קאָס־טאָמערס, נויטיקן זיך אין עפּעס, האָט ער צופעליק איצטער אַזעלכע מציאות, אַז זינט ער לעבט, זינט ער געדענקט, און איידער ער שטעלט עס אַרויס צום אויספאַרקויף און איידער מען צעכאַפּט עס ביי אים, פילט ער ממש, אַז ס'איז זיין פליכט מודיע צו זיין זיינע שטענדיקע קאָסטאָמערס, אויב זיי ווילן פאַר־שפּעטיקן, וועט עס זיין אינגאַנצן זייער אייגענע שולד. זיין געוויסן איז ריין. ער האָט געטאָן זיין פליכט און זיי מודיע געווען אין צייט. בכלל, זיין עצה איז קומען גלייך, ניט אָפּלייגן, ווייל, ווי געזאָגט, עס קען אַמאָל זיין צו שפּעט . . .

און די, וואָס האָבן מענאַקערן געזען, איידער ער האָט אָנגעשטעלט מאַ־נוסעוויטשן, ווי ער האָט אויסגעזען מיט זיינע איינגעזונקענע, פאַרזאָרגטע אויגן, מיט דעם אומעט, וואָס איז געווען ווי איינגעקנאָטן אין זיין פּנים און זיין אָפּגעלאָזענעם הילוך, און אינגאַנצן איז ער געווען, ווי ער וואָלט קיין אָנהאַלט ניט געהאַט, וואָלטן נישט געגלויבט, אַז ס'איז דער זעלביקער מע־נאַקער. עס איז ווי עמעץ וואָלט אין אים אַ נייע נשמה אַריינגעהויכט.

און זיין געשעפט אויך דאָס זעלבע. אַלטע קונדן פלעגן בלייבן שטיין ביי דער טיר מיט צעעפנטע אויגן, דענקענדיק אַז ס'איז עפּעס אַ טעות, אַז זיי זיינען אַריין ניט אין דער ריכטיקער קראָם.

אַזוי האָט זיך מענאַקערס געשעפט פאַענדערט. פון דער טונקעלער, פאַרשטויבטער האַלב־חרובער, אָפּגעלאָזענעם קרעמל, איז געוואָרן אַ שפּיגל־דיקער, רירעוודיקער געשעפט. מענטשן זיינען אַריין און אַרויס. אינווייניק און אַרום די וויטרינעס האָבן ווי מאַטילקעלעך אַרום אַ ליכט זיך מענטשן געקלעפּט. עפּעס האָט געצויגן, עפּעס האָט גערייצט און געוועקט אינטערעס.

מענאַקערן איז נישט אָנגעגאַנגען וויפל ער קריגט פאַר דער אַרבעט. ער האָט זיך מיט די פּראָפיטן פון דער אַרבעט ניט גערעכנט. עס האָט אים ניט געאַרט, וויפל ער פאַרדינט, אָדער וויפל ער לייגט צו צו מאַנוסעוויטשן. דער עיקר זאָל ער אים נאָר צוציען מענטשן און מעגן זיי אים צאָלן נישטי־קע פּרייזן פאַר דער אַרבעט, זיינס וועט ער שוין אָפּמאַכן. ווי ווערט עס

געזאָגט ערגעץ: וואַרף די קערנער מיטן ווינט. ערגעץ וועלן זיי זיך צונע־מען. זאָלן נאָר די זייגערס גיין, ווי עס באַדאַרף צו זיין, און יעדער זייגער, וואָס מאַנוסעוויטש פאַררעכט, האָט מענאַקער געוואוסט, אַזוי ווי אַ ווערעמל אויף דער ווענדקע, ערגעץ אַ העכטל וועט זיך אַנטשעפּען.

4.

מאַנוסעוויטשן האָבן מיט דער צייט אָנגעהויבן צו דערעסן די ביליקע זייגערס, אויף וועלכע אים איז אויסגעקומען צו אַרבעטן ביי מענאַקערן. עס האָט זיך אים אָנגעהויבן צו בענקען נאָך אַ בעסערער, נאָך אַ געשמאַ־קערער שטיקל אַרבעט. נאָך איינער פון יענע שווייצאַרישע זייגערס, אַז קוקנדיק אויף זיי אַליין איז אַ דערקוויקונג. און אַרבעטנדיק אויף זיי, פרישט מען זיך אָפּ. און האַלטנדיק איינעם פון יענע זייגערס אין האַנט, פילט מען זיך שטאָלץ און דערהויבן צו זיין אַ זייגערמאַכער, צו באַלאַנגען צו דער משפחה זייגערמאַכער, וואָס האָבן באַשאַפן און אַרויסגעבראַכט אַט אַזאַ פיין ווערק.

די ביליקע זייגערס האָבן אים אָנגעהויבן צו בריען די פינגער.

און ניט די פריינדלעכע באַציאונגען, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט צווישן אים און מענאַקערן, און ניט די פילע פרייהייטן, וואָס ער האָט גענאָסן ביי מענאַקערן — קיין זאַך האָט אים ניט געקענט איינהאַלטן.

און אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז מאַנוסעוויטש מער ניט געקומען צו דער אַרבעט.

דער וואַרשטאַט איז געשטאַנען ביי דעם שוי־פענצטער אָן אויפגע־ראַמטער. די געצייג און אינסטרומענטן אין אָרדענונג אויסגעלייגט, פּאַרטיק צו נעמען זיי צו דער אַרבעט. די צירונגען און בריליאַנטן אויסגעשטעלט, ווי אַלע מאָל, צו רייצן דעם נייגער פון פאַרבייגייער. נאָר מאַנוסעוויטש, וואָס איז געווען די גרעסטע אַטראַקציע פון דער אויסשטעלונג, האָט אויסגעפעלט, האָט שטאַרק, שטאַרק אויסגעפעלט.

און אַז עס איז אַוועק אַ טאָג און צוויי, האָט זיך מענאַקער אָנגעהויבן צו ערגערן. און אַז מאַנוסעוויטש איז אין עטלעכע טעג אַרום געקומען און האָט אָנגעהויבן צו פּאַקן די געצייג, איז מענאַקער געווען אויסער זיך.

ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס איז מיטאַמאָל דאָ געשען. און אַזוי אומ־

דערוואַרטעט. אַזוי אומגעריכט. וואָלט כאָטש עפּעס פּאַסירט צווישן זיי. אַן איבעררייד אַ וואָסער עס איז. עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכקייט. וואָלט ער כאָטש געוואוסט. און דאָ — פאַרקערט, זיי האָבן קיין מאָל קיין וואָרט אויף אַ וואָרט ניט פאַרביטן. ער האָט דאָך אים אויף די הענט, ממש אויף די הענט האָט ער אים געטראָגן.

אַ פאַרדראָס און אַ באַליידיקונג האָט געבריט און געגליווערט אין אים. ער האָט געפילט, ווי אַן עוולה ווערט קעגן אים באַגאַנגען. אַ גאַזלאָוויע. עס איז געווען, ווי עמעצער וואָלט אויף אים געמאַכט אַן איבערפאַל און ווענן צו באַשולדיקן דערפאַר איז אויך ניט געווען. און צו ווענן צו ווענדן זיך האָט ער אויך ניט געוואוסט. צו מאַנוסעוויטשן? יע. צו אים. נאָר וואָס קען ער אים זאָגן? ווייס ער דען ניט, אַז ער נויטיקט זיך אין אים? און די גאַנצע צייט, וואָס מאַנוסעוויטש האָט געפאַקט די געצייג, האָט ער געפילט ווי מען צענעמט אים, ווי מען צעטרייבערט אים אויף שטיקלעך.

מענאַקער איז צוגעקומען צו מאַנוסעוויטשן, געוואָלט אים עפּעס זאָגן, רעדן צו אים. נאָר דער געדאַנק, אַז ביז ער וועט צו צופאַסן עמעצן אַנ־דערש אויף מאַנוסעוויטשעס אָרט, וועט ער מוזן, ווי אַמאָל, צוריק אַהינטער דעם אייזערנעם שראַנק און געשטערט ווערן פון קונדן, און געשטערט ווערן פון דער אַרבעט, און קרעדיטאָרן וועלן רייסן די זייטן — האָט אים אַזוי דערשלאָגן, אַז אַנשטאָט צו רעדן מיט מאַנוסעוויטשן, האָט ער אים אָנגעהויבן העלפן צו פאַקן די געצייג.

ערשט ביים געזעגענען זיך, איז מענאַקערן געלונגען צוזאַמענצונעמען זיך און מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, האָט ער פאַרבונדן אַ געשפּרעך מיט מאַנוסעוויטשן.

— זעט ער ניט איין? צו וואָס באַדאַרף ער עס. אַז מען זיצט, זיצט מען. און אַרבעטן באַדאַרף מען, וואו מען איז... נאָר אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַ הוספה.

— נייך, ניט וועגן דעם. נאָר, נאָר אַלע יאָרן אַפּטאַון, ציט אַהין. ער ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר ווי זאָל ער אים זאָגן, עס אַרבעט זיך אַנדערש.

די פאָר אָפּגעריסענע ווערטער זיינען געווען ווי אַן אָנגעגעבענער אַדרעס.

— אַפּטאַון, און עס ציט אַהין.

און שטייענדיק אַהינטער דעם אייזערנעם שראַנק, האָט ער, מענאַקער,

זיך געפּרואווט פֿאַרטראַכטן וועגן עפּעס. עפּעס וואָס איז אים אָט ערשט אַזוי קלאָר געווען, און מיטאַמאָל איז עס פֿאַרטושט געוואָרן. און אין זיין צעטומלעניש האָט ער ניט געוואוסט וואָס פֿריער. צי זאָל ער אָפּשטויבן זיין אַלטן וואַרשטאַט, צי זאָל ער מיט עפּעס אָנפֿילן דעם ליידיק־געוואָרענעם אָרט אין דער שוי־פֿענצטער.

יע. ביז וואַנען וואָס ווען קען מען דאָך ניט לאָזן די שוי־פֿענצטער אַ ליידיקע. איז מיט וואָס? האַ? מיט וואָס?

# מענטש און מלאך

אַמאָל איז געווען אַ מענטש, האָט ער זיך אין אַ מלאך, אין אַ שיינעם מלאך מיט ווייסע פליגל פאַרליבט, און האָט נאָכן מלאך געבענקט.

און דער מלאך האָט דעם מענטשנס בענקעניש דערפילט, און האָט זיך אין הימל נאָכן בענקענדן מענטשן פאַרבענקט.

און דער מלאך אין הימל האָט נאָכן מענטשן געבענקט.

פלעגט דער מלאך יעדן אָוונט אַריינדרינגען זיין בליק אינעם הימל, און פונעם הימל אַרויספאָרשן און זוכן זיין ליבנדן אויף דער ערד.

און דער מענטש פלעגט אַרומגיין אַ פאַרבענקטער, און טרוימען פון דעם שיינעם מלאך מיט די ווייסע פליגל און בענקען, טרוימען און בענקען.

און עס האָט דעם מענטשן געצויגן צום מלאך, צום הימל, נאָר ער האָט קיין פליגל ניט געהאַט...

און דעם מלאכס האַרץ האָט צום מענטשן געצויגן. צו דער ערד זיך גע־ריסן, נאָר דער מלאך האָט פליגלען געהאַט... און פליגלען ציען אַרויף...

פלעגט דער מענטש קוקן מיט לײדנשאַפטלעכע בליקן צום הימל און טראַכטן: וואָלט זיך דער הימל צו דער ערד אַרונטערגעלאָזן... אַך, וואָלט זיך דער הימל צו דער ערד אַרונטערגעלאָזן... און אין די געדאַנקען פלעגט ער זיך מיטן מלאך דערנעענטערן... פלעגט ער זיך אין די הימלען פילן...

און דער מלאך פלעגט, דערבליקנדיק פון הימל זיין געליבטן, טראַכטן: וואָלט די ערד זיך צו די הימלען דערהויבן! אַך, וואָלט די ערד זיך צו די הימלען דערהויבן! און ער פלעגט זיך פאָרשטעלן, ווי מלאכים און מענטשן פאַראייניקן זיך, ווי פון מענטשן ווערן מלאכים, און די ערד אין אַ הימל פאַר־וואַנדלט...

נאָר ניט דער הימל האָט זיך צו דער ערד אַרונטערגעלאָזן.

און ניט די ערד האָט זיך צום הימל דערהויבן. און דער מענטש אויף דער ערד האָט נאָכן מלאך געבענקט, און דער מלאך אין הימל האָט נאָכן מענטשן געבענקט.

און אַמאָל איז דער מענטש אויף דעם העכסטן באַרג אַרויף, און האָט מיט בענקענדיקע בליקן אויף זיין מלאך געקוקט און האָט געזען, ווי זיין לעבנדער מלאך קוקט אויף אים. ווינקט צו אים. ער האָט געפילט, אַז דעם מלאכס האַרץ רייסט זיך צו אים, אַז דעם מלאכס האַרץ איז אָנגעפילט מיט ליבע צו אים, נאָר צווישן זיי איז אַזאַ ווייטקייט, אַזאַ אומענדלעכקייט.

און זיין האַרץ אין אים האָט דאָך געריסן. אַזוי נאָענט, אַזוי נאָענט, און אַזוי וויט, אַזוי וויט...

האָט דער מלאך דעם מענטשנס צער ניט געקאָנט פאַרטראָגן, און זיך אַ פליגל אָפּגעבראָכן, און עס דעם מענטשן צום באַרג אַרונטערגעוואָרפן.

האָט דער מענטש דאָך מיט איין פליגל ניט געקאָנט די הימלען גרייכן.. איז ער צוריק אויף דעם באַרג אַרויף און האָט זיינע בליקן צום מלאך געווענדט.

— גוטער מלאך, ליבער מלאך — האָט ער זיך געווענדט צו אים — דו האָסט מיר איין פליגל געשאָנקען. מיט איין פליגל קאָן מען זיך בלויז פון דער ערד דערהויבן... אום די הימלען צו גרייכן, מוז מען צוויי פליגל האָבן... גוטער מלאך, ליבער מלאך!

און דער מלאך האָט ניט געקאָנט צוזען דעם מענטשנס ליידן. און ער האָט זיך דעם צווייטן פליגל אָפּגעבראָכן, און עס צו דעם מענטשן אַרונטער־געוואָרפן.

האָט דער מענטש אויפגעהערט דעם מלאך צו ליבן.

ער האָט דאָך שוין מער קיין פליגלען ניט געהאַט...

האָט מען דעם מלאך פון הימל פאַריאָגט.

מלאכים מוזן פליגלען האָבן.

אים צו דער ערד דערנידערט, און געמאַכט אים אויף דער ערד פאַר אַ פרוי . . .

***

וואָס פון דעם מענטשן איז געוואָרן, ווייס מען ניט. מאַנכע דערציילן, דאָס ער האָט זיך מיט די פליגלען צו די הימלען אויפגעהויבן. נאָר אַזוי ווי ער איז ניט קיין מלאך, זיינען די הימלען פאַרשלאָסן פאַר אים.

די ערד גרייכן קען ער אויך ניט, ווייל פליגלען ציען אַרויף... שוועבט ער אין עולם התוהו...

און אַנדערע ווידער דערציילן, אַז ער האָט זיך אין אַ צווייטן מלאך מיט ווייסע פליגלען פאַרליבט, דאַן אין אַ דריטן, דאַן אין אַ פערטן, און צום ענדע איז אים נמאס געוואָרן די ליבע צו די מלאכים, און ער האָט זיך אין טייוול פאַרליבט...

פאַרשיידענע לעגענדעס גייען אַרום וועגן דעם מענטשן... נאָר וואָס מיט אים איזווירקלעך געשען, ווייס קיינער ניט...

נאָר וועגן דעם מלאך דערציילט מען, אַז ווען מען האָט אים פון הימל פאַריאָגט, און אים אויף דער ערד דאָ געמאַכט פאַר אַ פרוי, האָט זי זיך גע־לאָזן זוכן די ליבע, פון וועלכע זי האָט אין הימל געטרוימט...

האָט זי זיך צום באַרג געלאָזן, אויף דעם שפּיץ זיינעם איז אָבער קיינער ניט געוועזן... אונטן האָט מיט ווערים געשווימבלט... האָט זי אויף ליבע די מענטשן געפרעגט, האָט מען איר אַ בעט געצייגט...

איז זי אויסערן שטאָט געגאַנגען און ווייט פון מענטשן זיך אַ צעלט געבויט, און אין דעם צעלט דאָרט פליגלען געמאַכט, און זיי מיטן ווינט צום הימל געלאָזן.

זאָלן זיך די מלאכים די אייגענע ניט ברעכן... זאָלן זיי אין הימל בלייבן און טרוימען, אויף דעם שפּיץ איז קיינער ניטאָ... און אונטן שווימבלט מיט ווערים...

***

גרויסע, דערוואַקסענע מענטשן פלעגט זי אויסווייכן און פאַרוואָס זי האָט זיי געווייכט, ווייס מען ניט, נאָר קליינע מיידעלעך האָט זי געליבט, פלעגט זיך שפּילן מיט זיי, זיי מעשיות פון הימל, פון מלאכים דערציילן, און זי פלעגט זיי דערציילן, ווי מלאכים ליבן זיך איין אין מענטשן. און ווי מענטשן ליבן זיך איין אין מלאכים, און זי פלעגט זיי דערציילן, אַז אַמאָל ליבן זיך צוויי־דריי מלאכים איין אין מענטשן, און ווי זיי בענקען און ווי זיי ליבן.

— זעט איר, קינדערלעך? — פלעגט זי זיי אָנצייגן אויף די שטערן — זעט איר? דאָס זיינען מלאכים, פאַרליבטע מלאכים, זעט ווי זיי זוכן, זעט ווי זיי פאַרשן. זעט איר? זעט איר? דאָס זוכן זיי זייערע געליבטע אויף דער ערד. און אָט זעט איר צוויי, און אָט דריי שטערן צוזאַמען, דאָס זיינען זיי אַלע אין איינעם פאַרליבט, זעט איר ווי זייערע בליקן זוכן? און דאָרטן, דאָרטן, האָט איר געזען? אַ פייערדיקער שנור האָט דעם הימל איבערגע־

שניטן. האָט איר געזען? דאָס האָט זיך אַ מלאך אַ פליגל אָפּגעבראָכן, און עס צום ליבנדן מענטשן אַרונטערגעוואָרפן, האָט איר געזען? האָט איר געזען?

און זי פלעגט זיך צעוויינען.

און ווען די קינדער פלעגן פרעגן, וואָס זי וויינט, פלעגט זי זיי דערציילן, אַז זי איז אַ מלאך, האָט פליגלען געהאַט, איז אין הימל געווען. נאָר אַמאָל איז געווען אַ מענטש...

און מער דערציילן פלעגט זי נישט קענען און פלעגט זיך צעוויינען.

און די קינדער האָבן מער ניט געוואוסט פון איר וועגן זיך, ווי דאָס, אַז זי איז אַ מלאך, האָט פליגל געהאַט, איז אין הימל געווען, נאָר אַמאָל, אַמאָל איז געווען אַ מענטש . . .